# פאריזער קאָמונע

(זאמלונג)

צונויפגעשטעלט דורך א. יודיצקי

1931

צענטראלער פארלאג פאר די פעלקער פון פ.ס.ר.ר.

מאָסקווע כארקאָוו מינסק

אלוקראיִנישע אָפּטיילונג

די ביבליאָגראַפישע פאַרצייכענונג
פון דעם בוך און די שיפערן
פאַר ביבליאָטעק-קאַטאַלאָגן זײַנען
אָפּגעדרוקט אין „צײַטשריפט פון
דרוק" און אין דעם „קאַרטן-רע-
פּערטואַר" פון דער אוקראַיִני-
שער בוך-פּאַלאַטע.

5-טע דרוק. פון „מעלוכע-פאַרלאַג"
קיִעוו, וואָראָווסקיס גאַס, 42 №
באַשט. 144—5000—6 דר. בויגן
שטאַטליט (2947)5649

# פאָרוואָרט

דעמ 18־טנ מארט 1931 יאָר ווערט 60 יאָר, זינט ס׳איז פּראָקלאמירט געוואָרנ די פּאריזער קאָמונע. דער ליכטיקער אָנדענק פונ דער פּאריזער קאָמונע האָט גאָר א באזונדערנ באטײַט אינ אונדזער ראטנלאנד. אינ לאנד פונ פּראָלעטארישער דיקטאטור זײַנענ מיר דאָכ די דירעקטע יאָרשימ פונ פּאריזער קאָמונע, די ווײַטער-פירער פונ דער גרויסער זאכ פונ דער קאָמונע; פּאריזער קאָמונע—דאָס איז דאָכ געווענ דער ערשטער פּרווו אינ דער מענטשלעכער געשיכטע, ווענ דאָס ארבעטער־פאָלק האָט געפּרוווט נעמענ זײַנ מאזל אינ די אייגענע הענט אונ זיכ באפרײַענ פונעמ יאָכ פונ די הערשנדיקע קלאסנ. עמעס, דער דורכפאל פונ דער קאָמונע איז געווענ אומפארמײַדלעכ. פונ איינ זײַט זײַנענ די אָביעקטיווע באדינגונגענ אינ פראנקרײַכ דעמאָלט נאָכ ניט געווענ צײַטיק פאר אנ ארבעטער-מעלוכע. די פּראָ־דוקציע-פארהעלטענישנ אינ דער וועלט־ווירטשאפט ביקלאל אונ אינ פראנקרײַכ ביפראט זײַנענ נאָכ ווײַט ניט געווענ גענוג צײַטיק פאר א נײַער סאָציאליסטישער ווירטשאפט, פונ דער אנדער זײַט איז דער פּראָלעטאריאט ס ו ב י ע ק ט י ו נאָכ ניט געווענ גרייט אויסצופילנ זײַנ היסטאָרישע שליכעס. די קאָמונארנ זײַנענ געווענ אומדערפארנ, זיי האָבנ ניט פארשטאנענ, וויאזוי אײַנצוהאלטנ די מאכט אינ זייערע הענט, וויאזוי צו באקעמפנ אונ דערשטיקנ די קאָנטער-רעוואָליוציאָנערע ארויסטרע־טונגענ פונעמ סוינע, די קאָמונע איז באגאנגענ א ריי פעלערנ, פאר וועלכע זי האָט געמוזט באצאָלנ מיט איר לעבנ, מיט איר עקזיסטענצ.

אָבער ניט געקוקט אפ איר דורכפאל, איז דער פּרווו פונ דער פּאריזער קאָמונע ניט געגאנגענ לעיבעד. זי איז ארײַנ אינעמ אײַזערנעמ אינווענטאר פונעמ קעמפנדיקנ פּראָלעטאריאט. זי האָט אויפגעמונטערט אונ געשטויסנ די ברייטע ארבעטער-מאסנ אינ פארשיידענע לענדער ווײַטער צו פירנ דעמ קאמפ פאר דער פולשטענדיקער פּאָליטישער אונ סאָציאלער באפרײַונג פונ אלע לײַדנדיקע אונ דערנידעריקטע. אונ, דעריקער, האָט די קאָמונע געדינט דעמ פּראָלעטאריאט אינ זײַנ ווײַטערדיקנ קאמפ, ווי די בעסטע לעקציע, ניט איבערצוכאזערנ יענע אלטע פעלערנ, וואָס האָבנ געבראכט צו דער מאפּאָלע פונ דער קאָמונע.

די לעקציעס פונ דער פאריזער קאָמונע האָבנ געהאָלפנ דעמ רוסלענדישנ פּראָלעטאריאַט ניט בלויז אָפּצוהאלטנ זײַנ גרויסנ ניצאָכנ איבער די הערשנ־דיקע קלאסנ, איבער די פּריצימ אונ בורזשואזיע אינ אָקטיאבער 1917־טנ יאָר, נאָר אויכ אײַנצוהאלטנ די דעראָבערטע פּאָזיציעס, צו פאַרפעסטיקנ זײַנ פּראָלעטארישע מאכט אפ שטענדיק אונ אריבערצוגיינ צו דער פולער סאָציאליסטישער איבערבויונג פונעמ גאנצנ לעבנ. אונ דערינ ליגט דער טיפסטער היסטאָרישער באטײַט אונ זינ פונ פאריזער קאָמונע.

דערפונ אליינ איז שוינ קלאָר, אפ וויפל עס איז וויכטיק פאר יעדנ באוווּסט־זיניקנ בירגער פונ אונדזער פּראָלעטארישער מעלוכע, פאר יעדנ פּראָלעטאריער אונ האָרעפּאשניק צו וויסנ די געשיכטע פונ דער פאריזער קאָמונע — פונ אָט דעמ פאָרבילד אונ ערשטמוסטער פונ אונדזער ראטנ־מעלוכע.

אונדזער זאמלונג האָבנ מיר אײַנגעטיילט אינ פיר אָפּטיילנ. אינעמ ערשטנ אָפּטייל גיבנ מיר די אלגעמיינע אָפּשאצונג אונ באלויכטונג פונ דער קאָמונע. אינ די קלאסישע ארבעטנ פונ אונדזערע לערערס אונ פירערס — לענינ, מארקס אונ ענגעלס ווערנ אופגעדעקט די סאָציאלע וואָרצלענ אונ סיבעס פונ דער קאָמונע, פונ איר אופקומ אונ אונטערגאנג.

אינעמ צווייטנ אָפּטייל זײַנענ געגעבנ פאקטישע באשרײַבונגענ פונ די קאָמונע־געשעענישנ, וויאזוי זיי האָבנ זיכ ביסלעכווײַז אנטוויקלט, ווי אויכ א ריי אייַנצלנע מאָמענטנ אונ עפּיזאָדנ פונעמ קאמפ, וואָס דער קאָמונע איז אויסגעקומענ דורכצומאכנ, לויט זיכרוינעס אונ דערציילונגענ פונ קאָמונארנ אונ צײַטמענטשנ.

אינ דריטנ אָפּטייל ברענגענ מיר די וויכטיקסטע אָפיציעלע דאָקומענטנ אונ מאטעריאלנ פונ דער קאָמונע: דעקרעטנ, אופרופנ, ווענדונגענ א. ד. גל.

צומ לעצט קומט דער פערטער אָפּטייל: די אָפּשפּיגלונג פונ פאריזער קאָמונע אינ דער שיינער ליטעראטור: אינ לידער, דערציילונגענ אונ אינסצענירונגענ.

צונויפשטעלער.

נ. לענינ

# צום אָנדענק פונ דער קאָמונע

40 יאָר איז אריבער זינט עס איז פּראָקלאמירט געוואָרנ די פּאריזער קאָמונע. לויטנ אײַנגעשטעלטנ מינהעג האָט דער פראנצויזישער פּראָלעטאריאַט באערט מיט מיטינגענ אונ דעמאָנסטראציעס דעם אָדענק פונ די טוער פונ דער רעוואָליוציע פונ 18־טנ מארט פונ 1871־טנ יאָר; אונ אינ סאָפּ מײַ וועט ער נאָכאמאָל טראָגנ קרענצ אפּ די קוואָרימ פונ די דערשאָסענע קאָמונארנ, די קאָר־באָנעס פונ דער שרעקלעכער „מײַ־וואָכ", אונ אפּ זייערע קוואָרימ וועט ער נאָכאמאָל שווערנ צו קעמפנ אומדערמידלעכ ביזנ פולנ ניצאָכנ פונ זייערע אידייענ, ביז ער וועט פולשטענדיק אויס־פירנ די זאכ, וואָס זיי האָבנ אימ איבערגעגעבנ בעצאוואָע.

פארוואָס עפּעס באערט ניט נאָר דער פראנצויזישער, נאָר אויכ דער אלוועלטלעכער פּראָלעטאריאַט די טוער פונ דער פּאריזער קאָמונע, אלס זייערע פאָרגענגער? אונ אינ וואָס באשטייט די יערושע פונ דער קאָמונע?

די קאָמונע איז אנטשטאנענ סטיכיש. קיינער האָט זי באוווסט־זיניק אונ פּלאנמעסיק ניט צוגעגרייט. די ניט־געלונגענע מילכאָמע מיט דײַטשלאנד, די יעסורימ פאר דער צײַט פונ באלאגערונג, די ארבעטלאָזיקײַט צווישנ פּראָלעטאריאַט אונ די רויִנירטקײַט פונ דעמ קליינבירגערטומ, די אופגעבראכטקײַט פונ דער מאסע קעגנ

די העכערע קלאסן און קעגן די באאמטע, וואס האבן ארויס־געוויזן זייער גאנצע אומפעיקייט, די אומבאשטימטע אירונג צווישן ארבעטער־קלאס, וואס איז ניט געווען צופריזן מיט זיין לאגע און האט געשטרעבט צו אן אנדער סאציאלן געבוי; דער רעאקציא־נערער צוזאמענשטעל פון דער נאציאנאלער פארזאמלונג, וואס האט געשטעלט אין געפאר דעם גורל פון דער רעפובליק, — אט דאס אלץ און נאך אסאך אכוץ דעם, האט זיך פארייניקט, קעדיי א שטויס צו טון די פאריזער באפעלקערונג צו דער רעוואליוציע פון 18־טן מארט, וועלכע האט אומדערווארטעט איבערגעגעבן די מאכט אין די הענט פון דער נאציאנאלער גווארדיע, אין די הענט פונעם ארבעטער־קלאס און פון דעם קליינבירגערטום, וועלכער איז צו אים צוגעשטאנען.

דאס איז געווען א ניט געזעענע געשעעניש אין דער געשיכטע.

ביז דער צייט האט די מאכט, געוויינלעך, זיך געפונען אין די הענט פון די פריצים און קאפיטאליסטן, ד. ה. אין די הענט פון זייערע באגלויבטע מענטשן, פון וועלכע ס'איז באשטאנען די אזוי־אנגערופענע רעגירונג. נאך דער רעוואליוציע אבער פון 18־טן מארט, ווען די רעגירונג פון הער טיער איז אנטלאפן פון פאריז צוזאמען מיט איר מיליטער, פאליציי און באאמטע, — איז דאס פאלק געבליבן דער הערשער פון דער לאגע, און די מאכט איז איבערגעגאנגען צום פראלעטאריאט. אין דער היינטיקער געזעלשאפט אבער קען דער פראלעטאריאט, וואס איז פארשקלאפט דורכן קאפיטאל עקאנאמיש, ניט הערשן פאליטיש, ניט צערייסנדיק די קייטן, מיט וועלכע ער איז צוגעשמידט צום קאפיטאל.

אט פארוואס די באוועגונג פון דער קאמונע האט אומפאר־מיידלעך געמוזט באקומען א סאציאליסטישע באפארבונג, ד. ה. אנהייבן שטרעבן ארואפצווארפן די הערשאפט פון דער בורזשואזיע, די הערשאפט פון קאפיטאל, צו צעשטערן די יעסוידעס פון דער איצטיקער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג.

אינ אָנהייב איז דידאָזיקע באַוועגונג געווענ א העכסט געמישטע אונ אומבאשטימטע. צו איר זײַנענ צוגעשטאָנענ אויכ פאטריאָטנ, וועלכע האָבנ געהאָפט, אז די קאָמונע וועט באנײַענ די מילכאָמע מיטנ דײַטש אונ וועט זי דערפירנ ביזנ גינסטיקנ סאָפ. עס האָבנ אויכ אונטערגעהאלטנ די באוועגונג קליינע קרעמער, וועלכע עס האָט געדראָט רויִנירט צו ווערנ, אויב מע וועט זיי ניט אָפלייגנ דאָס צאָלנ די וועקסלענ אונ דירע־געלט (די רעגירונג האָט זיי אזא פראָלאָנגאציע ניט געוואָלט געבנ, דערפאר אָבער האָט עס זיי די קאָמונע געגעבנ). ענדלעכ, די ערשטע צײַט האָבנ טיילווײַז מיטגעשפילט דער באוועגונג אויכ בורזשואזע רעפובליקאנער, וואָס האָבנ מוירע געהאט, אז די רעאקציאָנערע נאציאָנאלע פארזאמלונג (די ״ישעוּוניקעס, די ווילדע פריצים) וועט צוריק אופשטעלנ די מאָנארכיע.

די הויפּט־ראָל אינ דער באוועגונג האָבנ אָבער געשפילט, פארשטענדלעכ, די ארבעטער (באזונדעס די פּאריזער באַלמעלאָכעס), צווישנ וועלכע עס האָט זיכ פאר די לעצטע יאָרנ פונ דער צווייטער אימפעריע געפירט א טעטיקע סאָציאַליסטישע פראָפּאגאנדע אונ אסאכ פונ וועלכע ס׳האָבנ אפילע געהערט צום אינטערנאציאָנאל.

בלויז די ארבעטער זײַנענ געבליבנ ביזנ סאָף טרײַ דער קאָמונע. די בורזשואזע רעפובליקאנער אונ די קליינבירגער זײַנענ גיכ אָפּגעשטאנענ פונ איר: איינע האָט אָפּגעשראָקנ דער רעוואָליוציאָנערער סאָציאַליסטישער פראָלעטארישער כאראקטער פונ דער באוועגונג, אנדערע זײַנענ אָפּגעשטאנענ פונ איר, ווענ זיי האָבנ דערזעענ, אז זי איז פארמישפּעט אפּ אנ אומפארמײַדלעכער מאפּאָלע. בלויז די פראנצויזישע פראָלעטאריער האָבנ אָנ שרעק אונ אָנ מידקײַט אונטערגעהאלטנ זייער רעגירונג, בלויז זיי האָבנ געקעמפט אונ געשטאָרבנ פאר איר, ד. ה. פאר דער זאכ פונ באפרײַונג פונעמ ארבעטער־קלאס, פאר אַ בעסערער צוקונפט פאר אַלע ארבעטנדיקע.

א פאַרלאָזענע פון אירע נעכטיקע פאַרבינדעטע און פון קיינעם ניט געשטיצט, האָט די קאָמונע אומפאַרמײַדלעך געמוזט לײַדן א מאַפּאָלע. די גאַנצע בורזשואַזיע פון פראַנקרײַך, אַלע פּריצים, בירזשע־לײַט, פאַבריקאַנטן, אַלע גרויסע און קליינע גאַנאָווים, אַלע עקספּלואַטאַטאָרס האָבן זיך פאַראייניקט קעגן איר. אָט דער בורזשואַזער קאָאַליציע, אונטערשטיצט דורך ביסמאַרקן (וואָס האָט באַפרײַט פון דער דײַטשישער געפאַנגענשאַפט 100.000 פראַנצויזישע סאָלדאַטן אַפּ צו באַצווינגען דעם רעוואָליוציאָנערן פּאַריז), האָט זיך אײַנגעגעבן אויפצורייצן די פינצטערע פּויערים און דאָס פראַנצויזישע בירגערטום קעגן דעם פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט און ארומצורינגלען א העלפט פּאַריז מיט אַן אײַזערנעם רינג (די צווייטע העלפט פּאַריז איז געווען ארומגערינגלט פון דער דײַטשישער אַרמיי). אין אייניקע גרויסע שטעט פון פראַנקרײַך (אין מאַרסעל, ליאָן, סענט־עטיען, דיזשאָן און אַנד.) האָבן די אַרבעטער אויך געמאַכט פּרוּוון צו פאַרכאַפּן די מאַכט, דערקלערן א קאָמונע און גיין אויסלייזן פּאַריז. נאָר די אַלע פּרוּוון האָבן זיך באַלד געענדיקט מיט א דורכפאַל, און פּאַריז, וואָס האָט דער ערשטער אויפגעהויבן די פאָן פון פּראָלעטאַרישן אויפשטאַנד, איז איבערגעלאָזט געוואָרן אַפּ זײַנע אייגענע קויכעס און איז פאַרמישפּעט געוואָרן אַפּ א זיכערן אונטערגאַנג.

פאַר א זיגרײַכער סאָציאַלער רעוואָליוציע זײַנען נייטיק די אָנוועזנהײַט, ווייניקסטנס, פון צוויי באַדינגונגען: א הויכע שטופע פון אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקציע־קרעפטן און די צוגעגרייטקײַט פונעם פּראָלעטאַריאַט. אין 1871־טן יאָר אָבער האָבן ביידע באַדינגונגען געפעלט. דער פראַנצויזישער קאַפּיטאַליזם איז נאָך געווען ווייניק אַנטוויקלט, און פראַנקרײַך איז דעמאָלט געווען הויפּטזאַכלעך א לאַנד פון קליינבירגערטום (באַלמעלאָכעס, פּויערים, קרעמער א. ד. גל.), פון דער צווייטער זײַט, איז דאָרט ניט געווען קיין אַרבעטער־פּאַרטיי. עס איז ניט געווען קיין צוגרייטונג, קיין דויערנדיקע שולונג פונעם אַרבעטער־קלאַס, וועלכער האָט אין זײַן

מאסע נאָך אפילו ניט גאנץ קלאָר פאָרגעשטעלט זיך זייַנע אופגאבן און די מיטלען פון זייער פארווירקלעכונג. ס'איז ניט געווען ניט קיין ערנסטע פּאָליטישע אָרגאניזאציע פונעם פּראָלעטאריאַט, ניט קיין ברייטע פּראָפעסיאָנעלע פאריינען און קאָאָפּעראטיווע כעוורעס.

דעריקער אָבער, וואָס ס'האָט געפעלט דער קאָמונע, דאָס איז צייַט, פרייַהייַט אפ ארומצוקוקן זיך און זיך נעמען פאר דער פארווירקלעכונג פון איר פּראָגראם. זי האָט נאָך ניט באוויזן צוטרעטן צו דער ארבעט, ווי די רעגירונג, וואָס האָט זיך פארזעצט אין ווערסאל, געשטיצט פון דער גאנצער בורזשואזיע, האָט גלייַך אָנגעהויבן קעגן פאריז א מיליטערישע אָפּעראציע, און דער קאָמונע איז שוין אויסגעקומען פריִער פאר אלץ א טראכט צו טון וועגן זעלבשוץ, און אזוי האָט זי ביזן סאמע סאָף, וועלכער איז אָנגעקומען דעם 21—28־טן מייַ, שוין קיין צייַט ניט געהאט צו טראכטן וועגן קיינשום אנדערע ערנסטע זאכן.

איבעריקנס, ניט קוקנדיק אפ אזעלכע ניט גינסטיקע באדינגונגען, ניט קוקנדיק אפ דער קורצער צייַט פון איר עקזיסטענץ, האָט די קאָמונע באוויזן אָנעמען אייניקע מאָסמיטלען, וואָס כאראקטעריזירן גענוגנדיק איר עמעסן זין און אירע צילן. די קאָמונע האָט פאר־ביטן די שטענדיקע ארמיי, דאָס בלינדע ווערקצייַג אין די הענט פון די העשנדיקע קלאסן, מיט אן אלגעמיינער באוואָפענונג פון פּאָלק, זי האָט פּראָקלאמירט דאָס אָפּטיילן די קירכ פון דער מעלוכע, זי האָט אָפּגעשאפט דעם ביודזשעט פון קולטן (ד. ה. דאָס מעלוכע־געהאלט פאר די גאלאָכים), זי האָט צוגעגעבן דער פּאָלקס־בילדונג א ריינע וועלטלעכן כאראקטער און דערמיט האָט זי געגעבן א שטארקן קלאפ די זשאנדארמען אין די גאלאָכישע קיטלען. אפן ריין סאָציאַלן געביט האָט זי באוויזן אופצוטון ניט קיין סאך, נאָר דאָס ווייניקע, וואָס זי האָט אופגעטון, דעקט אופ פונדעסטוועגן גענוג בוילעט איר כאראקטער אלס א פּאָלקישע, ארבעטערשע רעגירונג: ס'איז פארווערט געוואָרן נאכט־ארבעט אין די בעקערייַען, ס'איז אָפּגעשאפט געוואָרן די סיסטעם פון

שטראָפנ — דאָס געזעצלעכ אנערקענטע באראבעוועג פונ די ארבעטער; ענדלעכ, ס'איז ארויסגעגעבנ געוואָרנ דער בארימטער דעקרעט, לויט וועלכנ אלע פאבריקנ, זאוואָדנ אונ ווערקשטאטנ, וואָס זײַנענ פארלאָזט געוואָרנ אָדער אָפּגעשטעלט געוואָרנ דורכ זייערע באלעבאטימ — זײַנענ איבערגעגעבנ געוואָרנ ארבעטער־ארטעלנ זיי זאָלנ ווידער אָנהייבנ די פראָדוקציע. אונ גלײַכ, ווי צוליב אונטערצושטרײַכנ איר כאראקטער פונ אנ עמעס־דעמאָקראטישער אונ פראָלעטארישער רעגירונג, האָט די קאָמונע באשטימט, אז די באלוינונג פונ אלע אמטנ פונ דער אדמיניסטראציע אונ פונ דער רעגירונג דארפ ניט זײַנ העכער פונעמ נאָרמאלנ ארבעט־לוינ אונ אינ קיינ פאל ניט העכער פונ 6000 פראנק א יאָר (קנאפּע 200 רובל א כוידעש).

די אלע מאָסמיטלענ האָבנ גענוג דײַטלעכ באוויזנ, אז די קאָמונע שטעלט מיט זיכ פאָר א טויט־געפאר פאר דער אלטער וועלט, וואָס שטיצט זיכ אפ פארשקלאפונג אונ עקספּלואטאציע. דעריבער האָט די בורזשואזע געזעלשאפט ניט געקענט רויק שלאָפנ קאָלזמאנ אפ דער געבײַדע פונ דער פאריזער שטאָט־פארוואלטונג האָט געפלאטערט די רויטע פאָנ. אונ ווענ עס האָט זיכ ענדלעכ אײַנגעגעבנ דער אָרגאניזירטער רעגירונג־קראפט צו נעמענ די אויבערהאנט איבער די שלעכט אָרגאניזירטע קרעפטנ פונ דער רעוואָליוציע, האָבנ די באָנאפּארטישע גענעראלנ, צעקלאפּטע דורכ די דײַטשנ אונ דרייסטע קעגנ די באזיגטע לאנדסלײַט, דידאָזיקע פראנצויזישע רענענקאמפס, אונ מעלער־זאקאָמעלסקיס *), — האָבנ זיי אָרגאניזירט אזא שכיטע, וועלכע פאריז האָט נאָכ קיינמאָל ניט געזענ. בא 30 טויזנט פאריזער זײַנענ געהארגעט געוואָרנ דורכ די צעווילדעוועטע סאָלדאטנ, בא 45.000 זײַנענ ארעסטירט געוואָרנ אונ פיל פונ זיי זײַנענ דערנאָכ געקעפּט געוואָרנ, טויזנטער

*) נעמענ פונ צארישע גענעראלנ, וועלכע האָבנ זיכ אכזאָריעסדיק צערעכנט מיט די ארבעטער אינ דער צײַט פונ דער רעוואָליוציע פונ 1905־טנ יאָר. — איבערז.

זײַנען פֿאַרמישפּעט געוואָרן אַף קאַטאָרגע און אַף פֿאַרשיקונג. בעסאַכאַקל האָט פּאַריז פֿאַרלאָרן בּאַ 100.000 זין, צווישן זיי די בעסטע אַרבּעטער פֿון אַלע פֿאַכן.

די בּורזשואַזיע איז געווען צופֿרידן. איצט איז מיטן סאָציאַליזם פֿאַרענדיקט אַף לאַנג! — האָט געזאָגט איר פֿירער, דער בּלוטדור־שטיקער קאַרליק טיער נאָך דער בּלוט־באָד, וואָס ער מיט זײַנע גענעראַלן האָבּן געמאַכט דעם פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט. אומזיסט אָבער האָבּן געקראַקעט די בּורזשואַזע קראָען. אין אַוועלכע 6 יאָר אַרום נאָכן דערשטיקן פֿון דער קאָמונע, ווען פֿיל קעמפֿער אירע האָבּן נאָך געשמאַכט אַף קאַטאָרגע און אין די פֿאַרשיקונג־ערטער האָט זיך שוין אין פֿראַנקרײַך אָנגעהויבּן אַ נײַע אַרבּעטער־באַוועגונג. דער נײַער סאָציאַליסטישער דאָר, בּארײַכערט מיט דער דערפֿאַרונג פֿון זײַנע פֿאָרגענגער, נאָר לאַכלוטן ניט אָנווערנדיק דעם מוט דורך זייער מאַפּאַלע, האָט אונטערגעכאַפּט די פֿאָן, וואָס איז אַרויסגעפֿאַלן פֿון די הענט פֿון די קעמפֿער פֿון דער קאָמונע, און האָט זי געטראָגן פֿאָרויס פֿעסט און דרייסט מיט אויסרופֿן: „זאָל לעבּן די סאָציאַלע רעוואָליוציע!" „זאָל לעבּן די קאָמונע!" און נאָך אין אַ פּאָר יאָר אַרום האָט די נײַע אַרבּעטער־פּאַרטיי און די אַגיטאַציע, וועלכע זי האָט אויפֿגעהויבּן אין לאַנד, גענויט די הערשנדיקע קלאַסן אַרויסלאָזן אַף דער פֿרײַ די געפֿאַנגענע קאָמונאַרן, וואָס זײַנען נאָך געבּליבּן אין די הענט פֿון דער רעגירונג.

דער אָנדענק פֿון די קעמפֿער פֿון דער קאָמונע ווערט בּאַערט ניט נאָר דורך די פֿראַנצויזישע אַרבּעטער, נאָר אויך דורך די פּראָלעטאַריער פֿון דער גאַנצער וועלט, ווײַל די קאָמונע האָט געקעמפֿט ניט פֿאַר וועלכער ס'איז אָרטיקער אָדער שמאָל־נאַציאָנאַלער אויפֿגאַבּע, נאָר פֿאַר דער בּאַפֿרײַונג פֿון דער גאַנצער אַרבּעטנדיקער מענטשהײַט, פֿאַר אַלע דערנידעריקטע און בּאַליידיקטע. ווי אַ פֿאָרגעשריטענער קעמפֿער פֿאַר דער סאָציאַלער רעוואָליוציע, האָט די קאָמונע געפֿונען מיטגעפֿיל אומעטום, ווו ס'לײַדט און קעמפֿט דער

פראָלעטאריאַט. דאָס בילד פון איר לעבן און טויט, דאָס אויסזען פון דער ארבעטער־רעגירונג, וואָס האָט פארכאפט און געהאלטן אין אירע הענט אין מעשעך פון העכער צוויי כאדאָשים די הויפּט־שטאָט פון דער וועלט, דאָס אופהייבן פון דעם העלדישן קאמפ פונעם פראָלעטאריאַט און זײַנע יעסורים נאָך דער מאפּאָלע — דאָס אלץ האָט אופגעמונטערט מיליאָנען ארבעטער, דערוועקט אין זיי האָפענונגען און צוגעצויגן זייערע סימפּאטיעס צום סאָציאַליזם. דער דונער פון די פּאריזער הארמאטן האָט אופגעוועקט די אָפּגע־שטאנענסטע שיכטן פונעם פּראָלעטאריאַט, וועלכע זײַנען געשלאָפן מיט א טיפן שלאָף, און האָט אומעטום געגעבן א שטויס צו דער פארשטארקונג פון דער רעוואָליוציאָנער־סאָציאַליסטישער פּראָפּאַ־גאנדע. אָט פארוואָס די זאך פון דער קאָמונע איז ניט געשטאָרבן: זי לעבט נאָך ביז איצט אין יעדערן פון אונדז.

די זאך פון דער קאָמונע — דאָס איז די זאך פון דער סאָציאַ־לער רעוואָליוציע, די זאך פון דער פולשטענדיקער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער באפרייונג פון די ארבעטנדיקע, דאָס איז די זאך פון דעם אלוועלטלעכן פּראָלעטאריאַט. און אין דעם זינען איז זי אומשטערבלעך.

צום ערשטן מאָל געדרוקט אין דער „ארבעטער-צייטונג" נומער 5—4 פון 15—18 אפּרעל 1911 יאָר.

ב. לענין

# וואָס לערנט אונדז די קאָמונע *)

נאָך דער מעלוכע־איבערקערעניש, וועלכע האָט פארענדיקט מיט זיך די רעוואָליוציע פון 1848 יאָר, איז פראנקרייך אפּ 18 יאָר ארונטערגעפאלן אונטערן יאָך פון נאפּאָלעאָנישן רעזשים.

*) דעם 18־טן מארט 1908 איז אין זשענעווע פּאָרגעקומען א אינטערנאציאָנא־לער מיטינג פון דריי יאָרצייטן: 25 יאָר נאָך מארקס טויט, 60 יאָר נאָך דער

דערדראָזיקער רעזשימ האָט דערפירט דאָס לאנד ניט נאָר צו אנ עקאָנאָמישנ חורבנ, נאָר אויכ צו נאציאָנאלער דערנידערונג. דער פראָלעטאריאט, וואָס איז אופגעשטאנענ קעגנ אלטנ רעזשימ, האָט אפ זיכ גענומענ צוויי אופגאבנ: אנ אלגעמיינ־נאציאָנאלע אונ א קלאסנ־אופגאבע — פראנקרייכס באפרייונג פונ דייטשלאנדס אָנפאל אונ די סאָציאליסטישע באפרייונג פונ די ארבעטער פונעמ קאפּיטאליזמ. אָט אינ דער פאריייניקונג פונ די צוויי אופגאבנ איז דער אָריגינעלסטער שטריכ פונ דער קאָמונע.

די בורזשואזיע האָט דעמאָלט צונויפגעשטעלט א „רעגירונג פונ נאציאָנאלער פארטיידיקונג", אונ דער פראָלעטאריאט האָט געדארפט קעמפנ פאר דער אלגעמיינ־נאציאָנאלער אומאָפּהענגיקייט אונטער דער אָנפירונג פונ דערדאָזיקער רעגירונג. אינדערעמעסנ איז דאָס געווענ א רעגירונג פונ „פאָלקס־פאראט", וועלכע האָט געזעענ איר אופגאבע אינ קאמפ מיטנ פאריזער פראָלעטאריאט. דער פראָלעטאריאט האָט דאָס אָבער ניט באמערקט, זייענדיק פארבלענדעט פונ פאטריאָטישע אילוזיעס. די פארטריאָטישע אידייע שטאמט נאָכ פונ דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָליוציע פונ 18־טנ יאָרהונדערט. זי האָט באהערשט די מויכעס פונ די סאָציאליסטנ אינ דער קאָמונע, אונ בלאנקי, לעמאָשל, א אָנסאָפּעקדיקער רעוואָליוציאָנער אונ הייסער אָנהענגער פונ סאָציאליזמ, האָט פאר זײַנ צײַטונג ניט געפונענ קיינ פאסיקערנ נאָמענ ווי „*דאָס פאָטערלאנד איז אינ געפאר*".

אָט אינ דעמ פאריייניקנ די קעגנזועצלעכע אופגאבנ — פונ פאטריאָטיזמ אונ פונ סאָציאליזמ — איז געווענ דער פאטאלער טאָעס פונ די פראנצויזישע סאָציאליסטנ. שוינ אינ מאניפעסט פונ דעמ אינטערנאציאָנאל, אינ סענטיאבער 1870 יאָר, האָט מארקס געוואָרנט דעמ פראנצויזישנ פראָלעטאריאט קעגנ

מארט־רעוואָליוציע פונ 1848 אונ יאָרטאָג פונ דער פאריזער קאָמונע. דער ארטיקל גיט איבער דעמ אינהאלט פונ דער רעדע, וועלכע לענינ האָט געהאלטנ אפ דעמדאָזיקנ מיטינג.

היספּײַלעס פֿונ דער פּאלשער נאציאָנאלער אידייע. טיפע ענדע־רונגענ זײַנענ פֿאָרגעקומענ צײַט דער גרויסער רעוואָליוציע, די קלאסנ־ווידערשפּרוכנ האָבנ זיכ פֿארשארפֿט, אונ אויב דעמאָלט האָט דער קאמפּ מיט דער רעאקציע פֿונ גאנצ אײראָפּע פֿאראײניקט די גאנצע רעוואָליוציאָנערע נאציע, קענ שוינ איצטער דער פּראָ־לעטאריאט ניט פֿאראײניקנ זײַנע אינטערעסנ מיט די אינטערעסנ פֿונ אנדערע, אימ פֿײַנטלעכע, קלאסנ; זאָל די בורזשואזיע טראָגנ די פֿאראנטוואָרטלעכקײַט פֿאר דער נאציאָנאלער דערנידערונג,— די זאכ פֿונ פּראָלעטאריאט איז קעמפֿנ פֿאר דער סאָציאליסטישער באפֿרײַונג פֿונ ארבעט פֿונעמ יאָכ פֿונ דער בורזשואזיע.

אונווירקלעכ: גאָר גיכ האָט זיכ טאקע ארויסגעוויזנ דער עמעסער „אונטערשלאג פֿונ בורזשואזנ פּאטריאָטיזמ". נאָכדעמ, ווי די ווערסאלער רעגירונג האָט געשלאָסנ א שענדלעכנ שאָלעמ מיט די פּרײַסנ, איז זי צוגעטראָטנ צו איר דירעקטער אופֿגאבע — האָט אונטערגענומענ אנ אָנגריפֿ אפֿ דער באוואָפֿענונג פֿונ דעמ פּאריזער פּראָלעטאריאט, וועלכער איז פֿאר איר געווענ א שרעק־לעכע זאכ. די ארבעטער האָבנ געענטפֿערט מיט דער דערקלערונג פֿונ דער קאָמונע אונ מיט א בירגער־קריג.

ניט געקוקט דערופֿ, וואָס דער סאָציאליסטישער פּראָלעטאריאט האָט זיכ צעטײלט אפֿ פֿיל סעקטעס, האָט דאָכ די קאָמונע באוויזנ א גלענצנדיקנ מוסטער דערפֿונ, ווי אײנמוטיק דער פּראָלעטאריאט קענ פֿארווירקלעכנ די דעמאָקראטישע אופֿגאבנ, וועלכע די בורזשואזיע האָט נאָר געקענט פּראָקלאמירנ.

אָנ קײנ באזונדערער קאָמפּליצירטער געזעצגעבונג, פּאָשעט אינ מײַסימ, האָט דער פּראָלעטאריאט, וואָס האָט פֿארכאפּט די מאכט, דורכגעפֿירט די דעמאָקראטיזירונג פֿונ דער געזעלשאפֿט־לעכער אָרדענונג, האָט אָפּגעשאפֿט די ביוראָקראטיע, פֿארווירקלעכט דאָס אויסוויילנ באאמטע דורכנ פֿאָלק.

צוויי טאָעסנ אָבער האָבנ פֿארניכטעט די פֿרוכט פֿונ דעמ גלענצנדיקנ זיג. דער פּראָלעטאריאט האָט זיכ אָפּגעשטעלט אפֿנ

האלבן וועג: אָנשטאָט צוטרעטן צו „עקספּראָפּריִירן די עקספּראָ־פּריִאטערס" האָט ער זיך געלאָזן פאַרפירן פון פאַנטאַזיעס וועגן איינפירן העכסטע גערעכטיקייט אין א לאַנד, וואָס איז פאַראייניקט דורך אַן אַלגעמיין-נאַציאָנאַלער אויפגאַבע; אַזעלכע אַנשטאַלטן, לעמאָשל, ווי דער באַנק, זיינען ניט צוגענומען געוואָרן. די טעאָריע פון די פּרודאָניסטן וועגן „יושרדיקן אויסטויש" און דאָס גלייכן האָט נאָך געהערשט צווישן די סאָציאַליסטן. דער צווייטער טאָעס — איז די איבעריקע גרויסמוטיקייט פונעם פּראָלעטאַריאַט. מ'האָט געדאַרפט פאַרניכטן די פיינט, און ער האָט גאָר באַמיט זיך מאָראַליש ווירקן אַף זיי. ער האָט גרינג געשעצט די ווערט פון ריין מיליטערישע אָפּעראַציעס אינעם בירגער־קריג און אָנשטאָט צו פאַרענדיקן זיין זיג אין פּאַריז דורך אַן אַנטשיידענעם אָנגריף אַף ווערסאַל, האָט ער די זאַך פאַרצויגן און געגעבן צייט דער ווערסאַלער רעגירונג צונויפזאַמלען די פינצטערע קויכעס און צוגרייטן זיך צו דער בלוטיקער מיי־וואָך.

דאָך בא אַלע פעלערן איז די קאָמונע דער גרעסטער מוסטער פון דער גרעסטער פּראָלעטאַרישער באַוועגונג פון 19־טן יאָר־הונדערט.

מאַרקס האָט הויך געשעצט דעם היסטאָרישן ווערט פון דער קאָמונע — אויב בעיס דעם פאַרעטערישן אָנפאַל פון דער ווער־סאַלער באַנדע אַף דעם געווער פונעם פּראָלעטאַריאַט וואָלטן די אַרבעטער אָן קאַמף געלאָזט דאָס געווער צונעמען, וואָלט די טויט־שעדלעכע באַדייטונג פון דער דעמאָראַליזאַציע, וואָס וואָלט אַריינגעטראָגן געוואָרן דורך אַזא שוואַכקייט אין דער פּראָלעטאַרי־שער באַוועגונג, געווען א פיל, פיל מאָל שווערערער פאַרלוסט, איידער די פאַרלוסטן, וואָס דער אַרבעטער־קלאַס האָט געהאַט אין שלאַכט, פאַרטיידיקנדיק זיין געווער. ווי גרויס עס זיינען ניט די קאָרבאָנעס פון דער קאָמונע, קויפן זיי זיך דאָך אויס דורך איר באַדייטונג פאַר דעם אַלגעמיין פּראָלעטאַרישן קאַמף: זי האָט אויפגערודערט אין אייראָפּע די סאָציאַליסטישע באַוועגונג, זי האָט

באוויזנ די קראפט פונעמ בירגער־קריג, זי האָט צעשטרייט די פּאטריאָטישע איליוזיעס אונ האָט צעשלאָגנ דעמ נאיוונ גלויבנ אינ די אלגעמיינ נאציאָנאלע שטרעבונגענ פונ דער בורזשואזיע.

די קאָמונע האָט אויסגעלערנט דעמ אייראָפּעישנ פּראָלעטאריאט קאָנקרעט שטעלנ די אופגאבנ פונ דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע.

די לעקציע, וואָס דער פּראָלעטאריאט האָט באקומענ, וועט ניט פארגעסנ ווערנ, דער ארבעטער־קלאס וועט זי אויסנוצנ, אזויווי ער האָט זי שוינ אויסגענוצט אינ רוסלאנד אינ דעמ דעקאבער־אופשטאנד.

די עפּאָכע, וואָס איז געווענ פאר דער רוסישער רעוואָליוציע, וואָס האָט זי צוגעגרייט, איז אינ א געוויסער מאָס ענלעכ צו דער עפּאָכע פונ נאפּאָלעאָנישנ יאָכ אינ פראנקרייכ.

אויכ אינ רוסלאנד האָט די זעלבסטהערשנדיקע כאווראיע דערפירט דאָס לאנד צו די שרעקנ פונ עקאָנאָמישנ כורבנ אונ נאציאָנאלער דערנידערונג. די רעוואָליוציע האָט אָבער א לאנגע צייט ניט געקענט אויסברעכנ, ביז די סאָציאלע אנטוויקלונג האָט ניט געשאפנ קיינ באדינגונגענ פאר א מאסנ־באוועגונג. די איזאָלירטע אָנפאלנ אפ דער רעגירונג אינ פאר־רעוואָליוציאָנערנ פעריאָד — ניט קוקנדיק אפ זייער גאנצער העלדישקייט — צעשלאָגנ זיכ אָנ דעמ גלייכגילט פונ די פּאָלקס־מאסנ. נאָר די סאָציאל־דעמאָקראטיע *) האָט מיט איר אקשאָנעסדיקער אונ פּלאנמעסיקער ארבעט דערצויגנ די מאסנ צו די העכסטע פאָרמענ פונ קאמפּ, צו מאסנ־ארויסטרעטונגענ אונ באוואָפנטנ בירגער־קריג. זי האָט באוויזנ צו צעברעכנ אינ דעמ יונגנ פּראָלעטאריאט די „אלגעמיינ־נאציאָנאלע” אונ „פּאטריאָטישע” פארבלענדענישנ, אונ נאָכדעמ, ווי דורכ איר דירעקטנ ארייננמישנ זיכ האָט זיכ איר איינגעגעבנ ארויסצורייסנ פונעמ קייסערס הענט דעמ מאניפעסט פונ 17־טנ אָקטיאבער, איז דער פּראָלעטאריאט צוגעטראָטנ צו אנ ענערגישער צוגרייטונג

*) מיר דערמאנענ, אז ביזנ 7-טנ צוזאמענפאָר פונ דער פּארטיי (1918 יאָר) האָבנ די באָלשעוויקעס זיכ אָנגערופנ סאָציאל־דעמאָקראטנ.

פון דעם ווײַטערדיקן אומפאַרמײַדלעכן עטאַפּ פון דער רעוואָליוציע — צום באַוואָפנטן אופשטאַנד.

פרײַ פון די אַלגעמיין־נאַציאָנאַלע איליוזיעס, האָט ער זײַנע קלאַסן־קרעפטן קאָנצענטרירט אין זײַנע מאַסן־אָרגאַניזאַציעס — אין די ראַטן פון די אַרבעטער־און סאָלדאַטן־דעפּוטאַטן א. ד. גל. און ניט קוקנדיק אויף דער גאַנצער פאַרשיידנקײַט אין די צילן און אויפגאַבן, וואָס זײַנען געשטאַנען פאַר דער רוסישער רעוואָ־ליוציע אין פאַרגלײַך מיט דער פראַנצויזישער פון 1871 יאָר, האָט דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט געדאַרפט אָנקומען צו דעמזעלביקן קאַמפס־מיטל, וואָס זײַן אָנפאַנג האָט געגעבן די פּאַריזער קאָמונע, — צום בירגער־קריג.

געדענקענדיק איר לערע, האָט ער געוווּסט, אַז דער פּראָלע־טאַריאַט דאַרף ניט גרינג שעצן די פרידלעכע קאַמף־מיטלען — זיי דינען זײַנע טאָגטעגלעכע, וואָכעדיקע אינטערעסן, זיי זײַנען נייטיק אין די צוגרייטונג־פּעריאָדן פון דער רעוואָליוציע. ער טאָר אָבער קיינמאָל ניט פאַרגעסן אויך דאָס, אַז דער קלאַסנקאַמף גיסט זיך אויס אין געוויסע באַדינגונגען אין פאָרמען פון באַ־וואָפנטן קאַמף און בירגער־קריג; עס זײַנען דאָ מאָמענטן, ווען די אינטערעסן פון פּראָלעטאַריאַט פאָדערן אומבעראַכמאָנעסדיקע פאַרניכטונג פון די פײַנט אין אָפענע שלאַכטן־געפעכטן.

צוערשט האָט דאָס באַוויזן דער פראַנצויזישער פּראָלעטאַריאַט אין דער קאָמונע און גלענצנדיק האָט דאָס באַשטעטיקט דער רוסישער פּראָלעטאַריאַט אין דעם דעקאַבער־אופשטאַנד.

זאָל זײַן, אַז די ביידע גראַנדיעזע אופשטאַנדן פונעם אַרבע־טער־קלאַס זײַנען אונטערדריקט געוואָרן — עס וועט זײַן אַ נײַער אופשטאַנד, אַקעגן וועלכן די קרעפטן פון די פײַנט פונעם פּראָלעטאַ־ריאַט וועלן זײַן שוואַך, פון וועלכן ס'וועט מיט אַ פולשטענדיקן זיג אַרויסגיין דער סאָציאַליסטישער פּראָלעטאַריאַט.

דאָס ערשטע מאָל געדרוקט אין דער „אויסלענדישער צײַטונג" נומ. 2 פון 23/III—1908 יאָר.

## קארל מארקס

# די קאָמונע — א רעגירונג פון ארבעטער-קלאס

דעם 18־טן מארט 1871 יאָר אינדערפרי האָט זיך פאריז אויפ־געכאפט פון דונערנדיקע אויסגעשרייען: זאָל לעבן די קאָמונע!". וואָס איז עס אזוינס די קאָמונע, אָט דער ספינקס, וואָס האָט געשטעלט פאר די בורזשואזע מויכעס אזא שווערע אויפגאבע?

„די פאריזער פראָלעטאריער — זאָגט דער צענטראל־קאָמיטעט אין זיין מאניפעסט פון 18־מארט — האָבן, זעענדיק די מאפּאָלע און דעם פאראט פון די הערשנדיקע קלאסן, פארשטאנען, אז ס'איז געקומען די שאָ, ווען זיי אליין מוזן ראטעווען דאָס לאנד איבערנעמענדיק אין זייערע אייגענע הענט די אָנפירונג מיט די געזעלשאפטלעכע עניניאָנים... זיי האָבן פארשטאנען, אז אפ זיי איז ארויפגעלייגט דערדאָזיקער כויוו, אז זיי געהערט דאָס פולע רעכט צו ווערן באלעבאטים פון זייער אייגענעם גורל און נעמען אין זייערע הענט די רעגירונג־מאכט".

נאָר דער ארבעטער־קלאס קען ניט פּאָשעט פארכאפן די גרייטע מעלוכע־מאשין און צווינגען זי צו באדינען זיינע אייגענע צוועקן.

די צענטראליזירטע מעלוכע־מאכט מיט אירע אומעטומיקע אָר־גאנען, וועלכע זיינען געבויט אפן פּרינציפּ פון סיסטעמאטישער און יעראַרכישער ארבעט־צעטיילונג: מיט איר שטענדיקער ארמיי, פּאָליציי, ביוראָקראטיע, גאלאָכים און ריכטער — עקזיסטירט נאָך פון די צייטן פון אבסאָליוטער מאָנארכיע, ווען זי האָט געדינט דער אויפגעקומענער בורזשואזער געזעלשאפט, ווי א מעכטיק געווער אין איר קאמפּ קעגן דעם פעאָדאליזם. די פּרעראָגאטיוון אָבער פון די פּריצים און אדל־לייט, די אָרטיקע פּריווילעגיעס,

די שטאַטישע און צענטראַל־מאָנאָפּאָליעס און די פּראָווינציעלע קאָנ־סטיטוציעס — אַט די רעשטלעך פון מיטלאַלטער האָבן איר אַנטוויקלונג פאַרהאַלטן. דער ריזן־בעזים פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע פון 18־טן יאָרהונדערט האָט אויסגעקערט דאָס אַמאָליקע מיסט פון די לאַנגפאַרגאַנגענע יאָרן און האָט אַזוי אַרום אָפּגערייניקט דעם געזעלשאַפטלעכן באָדן פון די לעצטע מעניעס, וואָס זײַנען געשטאַנען אַפן וועג צום אויפבויען דעם מאָדערנעם מלוכה־בנין. אָט דער בנין איז פאַרטיק געוואָרן בײַ דער ערשטער אימפּעריע, וואָס זי, פון איר זײַט, איז אַרויס־גערופן געוואָרן צום לעבן דורך די קאָאַליציע־מלחמות פון דער אַלטער האַלב־פעאָדאַלער אייראָפּע מיטן נײַעם פראַנקרײַך.

בײַ דער ווײַטערדיקער אַנטוויקלונג פון מאַכט־פאָרמען איז די רעגירונג אַוועקגעשטעלט געוואָרן אונטערן קאָנטראָל פון פּאַרלאַ־מענט, ד. ה. אונטערן דירעקטן קאָנטראָל פון די פאַרמעגלעכע קלאַסן.

פון איין זײַט איז די רעגירונג געוואָרן אַ קוואַל פון אָנצאָליקע מלוכה־כיבודים און שווערע שטײַערן, די סיבה פון שטענדיקע קריגערײַען צווישן די קאָנקורירנדיקע פראַקציעס און די אַוואַנ־טיוריסטן פון די הערשנדיקע קלאַסן, וועלכע האָבן זיך צו איר געצויגן צוליב איר אַדמיניסטראַטיווער קראַפט, צוליב די האַכ־נאָסעס און די אמטן, וואָס זי האָט געהאַט אין איר רשות. פון דער צווייטער זײַט האָט זיך, אונטער דער ווירקונג פון עקאָנאָ־מישער ענדערונג, געביטן אויך איר פּאָליטישער כאַראַקטער. אין דער מאָס, וואָס דער פּראָגרעס פון דער מאָדערנער אינדוסטריע האָט אַנטוויקלט, פאַרברייטערט און פאַרטיפערט די קלאַסן־הייפוכים פון קאַפּיטאַל און אַרבעט, האָט די מלוכה־מאַכט אַלץ מער און מער באַקומען דעם כאַראַקטער פון אַ געזעלשאַפטלעכער קראַפט, וואָס דינט אַפּ אונטערצודריקן דעם אַרבעטער־קלאַס, אַ כאַראַקטער פון געוועזער פאַר דער קלאַסן־הערשאַפט. נאָך יעדער רעוואָלוציע, וועלכע איז אַ טריט פאָרויס אינעם קלאַסנקאַמף, ווערט דער

כאראקטער פון דער מעלוכע־מאכט, אלס בלויזער אונטערדריקונג־מיטל, אלץ בוילעטער און בוילעטער. די רעוואָליוציע פון 1830 יאָר האָט צוגענומען די מאכט בא די ערד־באזיצער און האָט זי אָפּגעגעבן די קאפּיטאליסטן, ד. ה. צוגענומען בא די מער ווײַטערע סאָנים פון ארבעטער־קלאס און אָפּגעבן זי די מער דירעקטע סאָנים זײַנע. די בורזשואזע רעפּובליקאנער האָבן אין נאָמען פון דער פעוורטאל־רעוואָליוציע פארכאפּט די מעלוכע־מאכט און האָבן זי אויסגענוצט אף צו שאפן די יוני־שכיטע. מיט אָט דער שכיטע האָבן זיי באוויזן דעם ארבעטער־קלאס, אז פאר אים איז די „סאָציִאלע" רעפּובליק — סאָציִאלע אונטערדערדריקונג דורכ דער רעפּובליק, און די בורזשואזע מאָנארכיסטן מיט די ערד־באזיצער — אז זיי קענען אָן שום ספּייקעס איבערלאָזן פאר די בורזשואזע רעפּובליקאנער סײַ די דײַגעס, סײַ די געלט־רעוואָכים פון רעגירן. נאָר נאָכ די יוני־העלדישקײַטן האָבן די בורזשואזע רעפּובליקאנער פון די ערשטע רייען אין דער „אָרדענונג־פּארטיי" געמוזט איבערגיין אין די לעצטע רייען פון דער קאָאליציע, געשאפן פון אלע קעמפנדיקע פראקציעס און פּארטייען פון די פארמעגלעכע קלאסן, וואָס האָבן זיכ איצט שוין אָפן געשטעלט קעגן די פּראָדוצירנדיקע קלאסן. ס'האָט זיכ ארויסגעוויזן, אז די פּאסנדסטע פאָרמע פאר זייער געמיינזאמען רעגירן איז די פּארלאמענטארישע רעפּובליק מיט לוי באָנאפּארט, ווי א פּרעזידענט, בעראָש. דאָס איז געווען א רעגירונג פון אָפענעם טעראָר און פון בעקיוונדיקן דערנידעריקן דעם „מיִעסן האמוין". לויט מיערס אויסדרוק, איז די פּארלאמענטארישע רעפּובליק געווען אזא פאָרמע פון רעגירן, וואָס ווייניקער פון אלע אנדערע האָט זי געשאפן מעכיצעס צווישן פארשיידענע פראקציעס פון הערשנדיקן קלאס, נאָר דערפאר אָבער האָט זי געעפנט א טהאָם צווישן אָט דעם ווייניקצאָליקן קלאס און צווישן דעם גאנצן געזעלשאפטלעכן אָרגאניזם אויסער אים. אויב בא די פריִערדיקע רעגירונגען פלעגן די אינעווייניקסטע קריגערײַען פון אָט דעם קלאס ארופלייגן אף דער

מעלוכע־מאכט באשטימטע באגרענעצונגענ, זײַנענ איצט איבער דער פארייניקונג דידאָזיקע באגרענעצונגענ אָפּגעפאלנ. שטייענדיק פאר א געפאר פונ א פּראָלעטארישנ אופשטאנד, האָט דער פארייניקטער פארמעגלעכער קלאס אומפארשעמט אונ פרעכ אָנגעהויבנ אויסנוצנ די מעלוכע־מאכט, אלס נאציאָנאלנ געווער פונעמ קאפּיטאל קעגנ ארבעט. אָט די מילכאָמע אָבער קעגנ די פּראָדוצירנדיקע מאסנ האָט, פונ איינ זײַט, געצוווּנגענ צו געבנ דער אויספיר־מאכט אלץ מער אונ מער רעכט אפּ צו דערשטיקנ דעמ ווידערשטאנד אונ, פונ דער צווייטער זײַט, אָפּצונעמענ ביסלעכווײַז בא דער פּארלאמענטארישער פעסטונג — בא דער נאציאָנאלער פארזאמלונג — אלע אירע פארטיידיקונג־מיטלענ קעגנ דער אויספיר־מאכט, אונ לוי באָנאפּארט, וועלכער האָט פּאָרגעשטעלט אָט די אויספיר־מאכט, האָט צעטריבנ די פּאָרשטייער פונ פארמעגלעכנ קלאס. די צווייטע אימפּעריע איז געווענ דער נאטירלעכער פּויעל־יוצע פונ דער רעפּובליק פונ דער „אָרדענונג־פּארטיי“.

די אימפּעריע, וואָס די מעלוכע־איבערקערעניש האָט איר געדינט פאר א מעטריקע, אלגעמיינע שטימרעכט — פאר א סאנקציע, אונ די שווערד — פאר א סצעפּטער, — אָט די אימפּעריע האָט פּרעטענדירט דערופּ, אז זי שפּארט זיכ אָנ אפּנ פּויערטומ, אפּ אָט דערברייטער מאסע פּראָדוצירער, וואָס האָט זיכ אינעמ קאמפּ צווישנ קאפּיטאל אונ ארבעט דירעקט ניט באטייליקט. די אימפּעריע האָט געמאכט דעמ אָנשטעל, אז זי ראטעוועט דעמ ארבעטער־קלאס דערמיט, וואָס זי האָט צעשטערט דעמ פּארלאמענטאריזמ אונ צוזאמענ מיט אימ די אָפענע אונטערטעניקײַט פונ דער רעגירונג צו די פארמעגלעכע קלאסנ; זי האָט געראטעוועט אויכ די פארמעגלעכע קלאסנ מיט דעמ, וואָס זי האָט געשטיצט זייער עקאָנאָמישע הערשאפט איבער דעמ ארבעטער־קלאס. אונ ענדלעכ, האָט זי פּרעטענדירט אפּ פארייניקנ אלע קלאסנ ארומ דעמ ווידערופגעלעבטנ שאָטנ פונ נאציאָנאלנ רומ. אינעמעסנ איז די אימפּעריע געווענ די איינציקע מעגלעכע פאָרמע פונ רעגירנ אינ

דער צײַט, װענ די בורזשואזיִע האָט די פעִיקײַט אָנצופירנ מיטנ פאָלק שוינ אָנגעװאָרנ, אונ דער פּראָלעטאריִאט האָט די דאָזיקע פעִיקײַט נאָכ ניט דערװאָרבנ. די גאנצע װעלט האָט באגריסט די אימפּעריע, װי די רעטערנ פונ דער געזעלשאפט. אונטער איר הערשאפט האָט די בורזשואזע געזעלשאפט, באפרײַט פונ פּאָליטישע דײַגעס, דערגרייכט ביז אזא הויכער מאדרייגע פונ אנטװיקלונג, פונ װעלכער זי האָט קיינמאָל טרוימענ אפילע ניט געקענט. די אינדוסטריע אונ האנדל זײַנענ זיכ צעװאָקסנ אינ א אומגעהײַערער מאָס ; די בירזשע־ספּעקוליאציִע האָט געפּראװעט איר צעװילדעװעטע קאָסמאָפּאָליטישע סודע ; די אָרעמקײַט פונ די מאסנ האָט נאָכ בוילעטער זיכ אָנגעזוענ באמ אומפארשעמטנ גלאנצ פונ אויסגעלאסענעם רײַכטומ, אָנגעזאמלט דורכ שװינדל אונ פארברעכנ. די מעלוכע־מאכט, װעלכע איז, װי ס'האָט זיכ געקענט דוכטנ, געשטאנענ הויכ איבער דער געזעלשאפט, איז אינדערעמעסנ געװענ דער גװאלדיקסטער סקאנדאל פונ אָט דער געזעלשאפט, דער קװאל פונ קאָלערליי העסלעכקײַטנ. די פּרײַסישע באגנעטנ, װעלכע האָבנ געגלוסט דעמ שװערפּונקט פונ אָט דער רעגירונג־סיסטעמ אריבערצוטראָגנ פונ פּאריז קיינ בערלינ, האָבנ אופגעדעקט די גאנצע צעפוילטקײַט סײַ פונ דער מעלוכע־מאכט גופע, סײַ פונ דער געזעלשאפט, װעלכע אָט די מאכט האָט געראטעװעט. אימפּעריע — דאָס איז די טאמע פּראָסטיטויִרטע אונ די סאמע ערגסטע פאָרמע פונ יענער מעלוכע־מאכט, װאָס איז געשאפנ דורכ דער נאָר־װאָס אנטשטאנענער בורזשואזער געזעלשאפט, אלס מיטל צו באפרײַענ זיכ פונעמ פעאָדאליזמ, אונ װאָס די בורזשואזיִע האָט, נאָכדעמ װי זי האָט זיכ שוינ פולשטענדיק אנטװיקלט, פארװאנדלט אינ א געצײַג צו פארקנעכטנ די ארבעט צומ קאפּיטאל.

די קאָמונע איז געװענ פונקט דער היפּעכ פונ דער אימפּעריע. דער אויסגעשריי : „זאָל לעבנ די סאָציִאלע רעפּובליק !", מיט װעלכנ פּאריזער פּראָלעטאריִאט האָט באגעגנט די פעװראל־רעװאָליוציע, האָט געהאט אויסגעדריקט די נאָכ ניט קלאָרע שטרעבונג צו אזא

מיין רעפובליק, וועלכע זאָל ניט נאָר פארניכטן די מאָנארכיסטישע פאָרמע פון קלאסן־הערשאפט, נאָר אויך די קלאסן־הערשאפט גופא. און די קאָמונע איז גראָד געווען א באשטימטע פאָרמע פון אזא רעפובליק.

פאריז, וואָס איז געווען די רעזידענץ און דער צענטער פון דער אלטער רעגירונג־מאכט און אין דערזעלבער צייט אויך דער געזעלשאפטלעכער צענטער פונעם פראנצויזישן ארבעטער־קלאס,— פאריז איז מיט געווער אין די הענט אופגעשטאנען קעגן די פרווון פון טיערן און פון זיינע פריצישן פארלאמענט אופצושטעלן און פארייביקן אָט די אלטע רעגירונג־מאכט, וואָס איז פארבליבן ווי א ירושה פון דער אימפעריע. פאריז איז אימשטאנד געווען ארויסצובאווייזן א ווידערשטאנד קעגן ווערסאַל נאָר דערפאר, וואָס די באלאגערונג האָט אים באפרייט פון דער ארמיי, און אפ איר אָרט איז געקומען די נאציאָנאלע גווארדיע, קאָמפּלעקטירטע מערסטנטייל פון ארבעטער. אָט דער פאקט האָט געמוזט פארוואנדלט ווערן אין א שטענדיקער איינריכטונג, און דעריבער איז דער ערשטער דעקרעט פון דער קאָמונע באשטאנען אינעם אָפּשאפן דאָס רעגולערע מיליטער און פארבייטן עס דורכן באוואָפנטן פאָלק.

די קאָמונע איז צוזאמענגעשטעלט געוואָרן פון די שטאָטישע ראטמענער, אויסגעוויילטע אין די פאריזער באצירקן דורכן אַלגעמיינער אָפּשטימונג. אירע מיטגלידער זיינען געווען פאראנט־וואָרטלעך און האָבן געקענט צו יעדער צייט אראָפּגעזעצט ווערן. די גרעסטע מערהייט זייערע איז באשטאנען, נאטירלעך, פון ארבעטער און באוווסטע פאָרשטייער פון ארבעטער־קלאס. די קאָמונע האָט געזאָלט זיין ניט קיין פארלאמענטארישע איינריכטונג, נאָר א געזעלשאפטלעכער קאָלעקטיוו, וועלכער פאראייניקט סיי די אויספיר־מאכט, סיי די געזעצגעבערישע מאכט. פון דער פּאָליציי, וועלכע איז ביז אהער געווען א געצייג אין די הענט פון דער מעלוכע־רעגירונג, זיינען גלייך צוגענומען געוואָרן אלע אירע

פּאָליטישע פונקציעס און זי איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א פאַראַנטוואָרטלעכן געצייג פון דער קאָמונע, און צו יעדער צייט האָט זי געקענט אומגעביטן ווערן. דעמזעלבן גורל האָבן געהאַט אויך די אַלערליי באַאַמטע אין אַלע רעגירונג־צווייגן.

אַלע אמטן, אָנגעהויבן פון די קאָמונע־מיטגלידער ביז לעצטן אָנגעשטעלטן, זיינען באַלוינט געוואָרן מיט סכירעס, וואָס זיינען געווען ניט העכער פון א געוויינלעכן אַרבעט־לוין. אַלע פּריווי־לעגיעס און סכומען, באַשטימטע פאַר פאָרשטייערשאַפט, וועלכע ס'פלעגן באַקומען די העכערע רעגירונג־באַאַמטע, זיינען צוזאַמען מיט זיי באָטל געוואָרן. די געזעלשאַפטלעכע אמטן האָבן אויפגע־הערט צו זיין א פּריוואַט־אייגנטום בא די מעשאָרסים פון דער צענטראַלער רעגירונג. ניט נאָר די שטאָט־פאַרוואַלטונג, נאָר אויך די גאַנצע איניציאַטיוו, וואָס האָט ביז אהער געהערט דער מעלוכע, איז איבערגעגאַנגען צו דער קאָמונע.

אָפּגעשאַפט די שטענדיקע אַרמיי און די פּאָליציי, — אָט דאָס געצייג פון דער מאַטעריעלער קראַפט פון דער אַלטער רעגירונג,— איז די קאָמונע גלייך צוגעטראָטן צו פאַרניכטן די מאַכט פון די גאַלאָכים, דאָס געצייג פון גייסטלעכער אונטערדריקונג. זי האָט אַרויסגעגעבן א דעקרעט וועגן צעלאָזן און עקספּראָפּריירן אַלע קלויסטערס, אַפ וויפל זיי זיינען געווען קאָרפּאָראַציעס, וואָס האָבן פאַרמאָגט זייערע אייגענע גיטער. די גאַלאָכים האָבן גע־דאַרפט צוריק אומקערן זיך צו א באַשיידענעם לעבן פון אָרנטלעכע לייט און לעבן, — ווי ס'האָבן אַמאָל געלעבט די אַפּאָסטאָלן, — בלויז פון דעם, וואָס די גלויבנדיקע וועלן זיי שענקען. אַלע לערן־אַנשטאַלטן, וואָס מוזן שטיין אויסער דער ווירקונג פון קלויסטער און מעלוכע, זיינען געוואָרן אומזיסטע פאַר אַלעמען. אַזוי אַרום, איז שול־בילדונג געוואָרן פאַר אַלעמען צוטרעטלעך. פון דער וויסנשאַפט זיינען אַראָפּגענומען געוואָרן די קייטן, וואָס ס'האָבן אַפ איר אַרופגעלייגט די קלאַסן־פאָרורטיילן און די מעלוכע־מאַכט.

בא די ריכטער איז צוגענומען געוואָרן די קלוימערשטע אומאָפּהענגיקייט, וואָס האָט געדינט נאָר אַפּ צו פאַרדעקן זייער אונטערטעניקייט צו די רעגירונגען, וועלכע פלעגן קומען איינע נאָך דער אַנדערער. אַ שוועע פון געטרייַשאַפט פלעגן זיי געבן צו יעדער איינציקער רעגירונג און פלעגן יעדע פון זיי פאַראַטן. גלייך מיט אַלע איבעריקע געזעלשאַפטלעכע באַאַמטע, זיינען זיי אויך געוואָרן געוויילטע, פאַראַנטוואָרטלעכע און האָבן געקענט צו יעדער צייט אָפּגערופן ווערן.

די פּאַריזער קאָמונע האָט געדאַרפט דינען פאַר אַ נאַטירלעכן מוסטער פאַר אַלע גרעסערע אינדוסטריעלע צענטערן פון פראַנקרייך. ווען די קאָמונע וואָלט איינגעשטעלט געוואָרן סיי אין פּאַריז, סיי אין קלענערע צענטערן, וואָלט די אַלטע צענטראַליזירטע רעגירונג אויך אין דער פּראָווינץ געמוזט אָפּטרעטן איר אָרט דער זעלבסטפאַרוואַלטונג פון פּראָדוצירער. אין דער קורצער סקיצע פון נאַציאָנאַלער אָרגאַניזאַציע, וואָס די קאָמונע האָט ניט באַוויזן גענוי צו באַאַרבעטן, ווערט דייטלעך געזאָגט, אַז די קאָמונע דאַרף ווערן אַ פּאָליטישע פאָרמע פאַר די קלענסטע דערפלעך, און אַז דאָס שטענדיקע מיליטער דאַרף אין גאַנצן לאַנד פאַרביטן ווערן דורך פאָלקס-מיליציע מיט אַ מינימאַלסטער דינסט-צייט. מיט די אַלגעמיינע ענינים פון אַלע דאָרף-געמיינדעס פון יעדן באַצירק האָבן געדאַרפט אָנפירן פאַרזאַמלונגען פון באַפולמעכטיקטע, וועלכע זיצן אין דער גרעסטער שטאָט פונעם באַצירק; די דאָזיקע פאַרזאַמלונגען האָבן פון זייער זייט געדאַרפט שיקן באַפולמעכטיקטע אין דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג, וואָס אין פּאַריז. די באַפולמעכטיקטע האָבן געדאַרפט שטרענג האַלטן זיך אָן די אינסטרוקציעס פון זייערע וויילער און צו יעדער צייט האָבן זיי געקענט אָפּגערופן ווערן. די ווייניקע, נאָר וויכטיקע פונקציעס, וועלכע זיינען נאָך פאַרבליבן בא דער צענטראַלער רעגירונג, האָבן ניט געדאַרפט אָפּגעשאַפט ווערן, ווי דאָס האָבן אויסגעטראַכט די סאָנים פון דער קאָמונע, נאָר איבערגעגעבן

ווערן צו קאָמונאַלע באַאַמטע, ד. ה. צו אזעלכע, וואָס זאָלן זיין שטרענג פאַראַנטוואָרטלעך. די קאָמונאַלע אָרדענונג האָט ניט צעשטערט, נאָר, פאַרקערט, אָרגאַניזירט די אייניקייט פון דער נאַציע. אָט די אייניקייט האָט געדאַרפט ווערן אַן עכטע, אַן עמעסע נאָכן פאַרניכטן די מעלוכע־מאַכט, וועלכע האָט זיך געהאַלטן פאַר דער פאַרקערפּערונג פון דער אייניקייט, פּרעטענדירט צו שטיין העכער פון דער נאַציע און זיין גאַנץ אומאָפּהענגיק פון איר, און אינדערעמעסן איז זי געווען נאָר אַ פּאַראַזיט אויפן אָרגאַניזם פון דער נאַציע. צעשטערט די אַלטע אָרגאַנען פון דער רעגירונגס־מאַכט, וואָס האָבן געדינט נאָר אויף אונטערצודריקן, האָט די קאָמונע אַרויסגעריסן בײַ דער דערדאָזיקער מאַכט, וואָס האָט פּרעטענדירט צו שטיין העכער פון דער געזעלשאַפט, אירע פונקציעס און האָט זיי איבערגעגעבן צו די פאַראַנטוואָרטלעכע דינער פון דער געזעלשאַפט. דאָס אַלגעמיינע וואַלרעכט איז ביז אַהער פון עם פאָלק אויסגענוצט געוואָרן נאָר אויף אויסצוקלײַבן איין מאָל אין דרײַ אָדער אין זעקס יאָר וואָסערן ס'ניט איז מיטגליד פון הערשנדיקן קלאַס און ער האָט פאַרטראָטן און געטראָטן דאָס פאָלק, — איצט אָבער האָט עס געזאָלט דינען דעם, אין קאָמונע אָרגאַניזירטן, פאָלק פונקט אַזוי, ווי דאָס אינדיווידועלע רעכט דינט יעדן איינציקן אַרבעטגעבער בעתן ער זוכט זיך צו אַרבעטער, אויפזעער אָדער בוכהאַלטערס פאַר זײַן אונטערנעמונג. געזעלשאַפטן קענען דאָך, פונקט ווי איינצעלנע פּערזאָנען, שטענדיק געפינען די פּאַסנדיקע מענטשן פאַר זייערע פּראַקטישע אויפגאַבן. און אויב זיי האָבן אפילו אַמאָל אַ טעות, קענען זיי דעם טעות זייער גיך פאַריכטן. פון דער צווייטער זײַט איז דער קאָמונע, לויטן עצם אירן, באַשטימט זײַערווידער געווען דער געדאַנק צו פאַרבײַטן דאָס אַלגעמיינע וואַלרעכט מיט יעראַרכישער אינוועסטיטור.

אַלע נײַע היסטאָרישע פאָרמען פון דער געזעלשאַפט ווערן געוויינטלעך אויפגענומען ווי אַן אָפּבילד פון יענע עלטערע, שוין

לאנג אָפּגעלעבטע פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, צו וועלכע זיי זײַנען וויפל ס׳גיט איז ענלעך. די נײַע קאָמונע, וואָס האָט צעשטערט די הײַנטיקע מעלוכע־מאַכט, האָט מען אויך אופגענומען ווי א באַנײַונג פון די מיטלעלטערישע קאָמונעס, וואָס האָבן עקזיסטירט נאָך פאר אָט דער מעלוכע־מאכט און זײַנען געווען דער באָדן אירער. די קאָמונאלע אָרדענונג האָט מען אלפי־טאָעס באטראכט ווי א פּרווו מיט א פאַרבאַנד פון קליינע מעלוכעלעך (וועגן וועלכע ס׳האָבן געטרוימט מאָנטעסקיע און די זשיראָנדיסטן) צו פאַרבײַטן יענע אייניקײַט פון גרויסע פעלקער, וואָס האָגאַמ זי איז געשאַפן געוואָרן דורך געוואַלד, נאָר איצט איז זי געוואָרן דער מעכטיקסטער פאַקטאָר פון געזעלשאַפטלעכער פּראָדוקציע. די קעגנערשאַפט צווישן דער קאָמונע מיט דער מעלוכע־מאַכט האָט מען אלפי־טאָעס באטראכט ווי א איבערגעטריבענעם אלטן קאמף קעגן דער צו גרויסער צענטראַליזאַציע. אין אייניקע אַנדערע לענדער האָבן פאַרשיידענע היסטאָרישע באַדינגונגען געשטערט דער אנטוויקלונג פון אָט דער בורזשואזער רעגירונג־פאָרמע, וואָס דער מוסטער אירער איז פראַנקרײַך. אָט האָבן אין ענגלאַנד, לעמאָשל, די באַדינגונגען געבראַכט דערצו, אז די צענטראַלע מעלוכע־אָרגאַנען ווערן דאָרטן דערגענצט דורך שווינדלערישע קלעריקאַלע פאַרזאַמלונגען, דורך געשעפטמאַכערס, מיטגלידער פון די שטאָטראַטן, דורך הארטע שטאָטישע צדאָקע־מאַשגיכים און דאָרפישע ריכטער, וואָס פאַקטיש באַקומען זיי זייער אמט ביערושע. די אַלע קרעפטן, וואָס פלעגן ביז אהער באַם געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזם פאַרלוירן גיין, אדאנק דער „מעלוכע״, אדאַנק אָט דעם פּאַראַזיט, וואָס דערנערט זיך מיט די זאַפטן פון דער געזעלשאַפט און שטערט איר פרײַ צו באַוועגן זיך, די־ראָזיקע אלע קרעפטן וואָלט די קאָמונאַלע אָרדענונג צוריק אומגעקערט דער געזעלשאַפט. און שוין דערמיט אליין וואָלט זי מ׳טגעהאָלפן דער אופלעבונג פון פראַנק־רײַך.

די בורזשואזיע פונ די פראָווינציעלע שטעט האָט באטראכט די קאָמונע, ווי א פרווו אופצושטעלנ יענע הערשאפט איבערנ דאָרפ, וואָס זי האָט געהאט פאר לוי פיליפנ אונ וואָס פאר לוי באָנאפארטנ איז זי ארויסגעשטויסנ געוואָרנ דורכ דער קלוי־מערשטער הערשאפ פונ דאָרפ איבער דער שטאָט. אינ דער ווירקלעכקייַט אָבער האָט די קאָמונע געשטרעבט דערצו, אז די דאָרפישע פראָדוצירער זאָלנ זיכ אונטערוואָרפנ דער גייַסטלעכער אָנפירונג פונ די קרייַז־שטעט, אונ אינ געשטאלט פונ די שטאָטישע ארבעטער זאָלנ זיי האָבנ די נאטירלעכע פאָרשטייער פונ זייערע אינטערעסנ. שוינ פונ דעמ אלייננ, וואָס ס׳עקזיסטירט א קאָמונע, האָט נאטירלעכ ארויסגעקוועלט די אָרטיקע זעלבסטפארוואלטונג. דידאָזיקע זעלבסטפארוואלטונג אָבער האָט שוינ ניט באדארפט דינענ מער ווי א קעגנזאצ דער מעלוכע־מאכט, וואָס איז געוואָרנ איצט לאכלומנ איבעריק. בלויז א ביסמארקנ, וועלכער האָט די גאנצע פרייַע צייַט, וואָס איז אימ פארבליבנ פונ אינטריגעס, אינ וועלכע דאָס ערשטע אָרט האָבנ שטענדיק פארנומענ בלוט אונ אייַזנ, אויסגענוצט פאר זייַנ לאנגאָניקער, צו זייַנע פעיקייַטנ מער צוגעפאסטער, מיטארבעטערשאפט אינעמ „קלאדעראדאטש“, — נאָר אָט דעמ ביסמארקנ האָט געקענט אריינפאלנ, אז די פאריזער קאָמונע שטרעבט אייגנטלעכ צו דער פרייַסישער שטאָט־אָרדענונג — צו דער קאריקאטור פונ דער פראנצויזישער שטאָט־אָרדענונג פונעמ 1791 יאָר, וואָס מאכט פונ די שטאָט־ראטנ א מינ הילפסרעדער פונעמ פרייַסישנ מעלוכישנ פאָליציי־מעכאניזמ.

די קאָמונע, וועלכע האָט אָפגעשאפט די גרעסטע הויצאָעס — די ארמיי אונ די מעלוכע־באאמטע — האָט פארווירקלעכט דעמ אידעאל פונ אלע בורזשואזע רעוואָליוציעס — דעמ אידעאל פונ א ביליקער רעגירונג. שוינ איר עקזיסטענצ אלייננ איז געווענ אנ אָפלייקונג פונ דער מאָנארכיע, וואָס אינ אייראָפע, לכאָל האפאָכעס, איז זי א שטענדיקער באלאסט אונ אנ אומפארמייַדלעכע מאסקע פאר דער קלאסנ־הערשאפט. די קאָמונע האָט געשאפנ

פאר דער רעפּובליק א יעסאָד פונווירקלעכ דעמאָקראטישע איַינ־ריכטונגענ. די ענדצילנ אירע זיַינענ אָבער ניט באשטאנענ ניט אינ דער ביליקער רעגירונג, ניט אינ דער „עמעסער רעפּובליק“. סיַי דאָס ערשטע, סיַי דאָס צווייטע זיַינענ געקומענ פונ זיכ אליינ, דערעכ אגעוו.

די פארשיידענע אויסטיַיטשונגענ פונ דער קאָמונע אונ איר באדיַיטונג אונ די פארשיידנארטיקע אינטערעסנ, וואָס זי האָט אויסגעדריקט, באוויַיזנ, אז זי איז געווענ זייער אנ עלאסטישע מעלוכע־פאָרמע, אינ דער ציַיט, ווענ אלע פריערדיקע מעלוכע־פאָרמענ זיַינענ לויטנ עצעמ זייערנ געווענ אונטערדריקונג־פאָרמענ. דער עמעסער סאָד אירער באשטייט אינ דעמ, וואָס זי איז, לויטנ אינהאלט אירנ, געווענ א *רעגירונג פונעמ ארבעטער־קלאס*, א רעזולטאט פונ קאמפּ, וואָס ס'האָט געפירט דער קלאס, וואָס פּראָדוצירט; זי איז געווענ אָט די לאנג שוינ געזוכטע פּאָליטישע פאָרמע, בא וועלכער ס'וואָלט געקענט פאָרקומענ די עקאָנאָמישע באפריַיונג פונ ארבעט.

אָנ אָט דעמ לעצטנ באדינג איז ניט מעגלעכ פאָרצושטעלנ זיכ די קאָמונע, אָנ אימ איז זי — א פּוסטע איליוזיע: די פּאָליטישע הערשאפט פונ די פּראָדוצירער קענ ניט עקזיסטירנ איינציַיטיק מיט זייער פאריייביקטער סאָציאלער פארשקלאפונג. די קאָמונע האָט דעריבער געדארפט דינענ פאר א געווער אפּ אונטערהאלטנ יענע עקאָנאָמישע יעסוידעס, אפּ וועלכע ס'האלט זיכ די קלאסנ־עקזיסטענצ גופע, אונ מעמיילע אויכ די קלאסנ־הערשאפט. ווערט די ארבעט באפריַיט, דאנ ווערנ אלע — ארבעטער, אונ פּראָדוצירנדיקע ארבעט הערט אופּ זיַינ די אייגנשאפט פונ א באשטימטנ קלאס.

א מאָדנע זאכ: פּרווונ נאָר די ארבעטער ערגעצ־ווו אריַינע־מענ די פּראָדוקציע אינ זייערע הענט, איז ניט געקוקט דערופּ, וואָס מ'האָט פאר די לעצטע 60 יאָר אזויפיל געשריבנ אונ גערעדט פונ באפריַיענ די ארבעט, הייבנ זיכ גליַיכ אָנ לויב־

געזאנגענ צו דער איצטיקער געזעלשאפט מיט אירע צוויי עקסטרעמע טײלנ: קאפיטאל אונ פארשקלאפטע לוינ־ארבעט (די ערד־באזיצער זײַנענ איצט בלויז שטילע שותפימ פונ די קאפיטאליסטנ).

פונקט ווי די קאפיטאליסטישע געזעלשאפט וואָלט אדאיעמ פארבליבנ אינ איר מײדלשער אומשולדיקײַט אונ רײנקײַט! פונקט ווי אלע אירע גרונט־יעסוידעס וואָלטנ נאָכ ניט געווענ אנטוויקלט, אלע אירע ליגנס — נאָכ ניט אנטבלויזט אונ איר פראָסטיטויִרטע ווירקלעכקײַט — נאָכ ניט אופגעדעקט! די קאָמונע, שרײַענ זײ, וויל אָפשאפנ אײגנטומ, דעמ יעסאָד פונ דער גאנצער ציווילי־זאציע! יאָ, גנעדיקע הערנ, די קאָמונע האָט געוואָלט אָפשאפנ אָט דאָס קלאסנ־אײגנטומ, וואָס פארוואנדלט די ארבעט פונ דער מערהײַט אינ רײַכטומ פונ יעכידימ. זי האָט געוואָלט עקספראָ־פריִרנ די עקספראָפריִאטאָרנ. זי האָט געוואָלט שאפנ עמעסע אינדיווידועלע אײגנטומ דערמיט, וואָס זי וועט אלע פראָדוקציע־מיטלענ, די ערד אונ דעמ קאפיטאל, אלצ, וואָס דינט איצט פאר א מיטל צו פארשקלאפנ אונ עקספלואטירנ די ארבעט, פאר־וואנדלענ אינ ווערקצײַג פונ פרײַער אונ פארײניקטער ארבעט.

דאָס איז דאָכ אָבער קאָמוניזמ, דער „אומעגלעכער" קאָמוניזמ! אונ דאָכ האָבנ אפילע צווישנ די הערשנדיקע קלאסנ זיכ געפונענ אזעלכע מענטשנ — אונ ניט ווײניק מענטשנ, — וועלכע האָבנ פארשטאנענ, אז די איצטיקע סיסטעמ קענ שוינ לאנג ניט עקזיס־טירנ; אונ זײ זײַנענ געוואָרנ די פאראקשנטע, די אײַנגעגעסענע אפאָסטאָלנ פונ קאָאָפערירטער פראָדוקציע. אונ אויב קאָאָפערירטע פראָדוקציע איז ניט קײנ פוסטער קלאנג אונ נארערײַ, איז זי פעיִק ארויסצושטויסנ די קאפיטאליסטישע סיסטעמ. אויב די אסאָציִאציעס זײַנענ אימשטאנד צו אָרגאניזירנ די נאציִאָנאלע פראָדוקציע לויט אנ אלגעמײנעמ פלאנ, נעמענ זי אונטער זײער אָנפירונג אונ דערמיט מאכנ א סאָפ צו דער שטענדיקער אנארכיע אונ צו די פעריִאָדישע קאָנוולסיעס, וועלכע זײַנענ אומפארמײַדלעכ בא דער קאפיטאליסטישער פראָדוקציע — איז, פרעגנ מיר אײַכ,

גנעדיקע הערג, צי איז עס ניט דערזועלבער קאָמוניזם, דער „אומעגלעכער" קאָמוניזם?

דער ארבעטער־קלאס האָט פון דער קאָמונע ניט געפאָדערט קיין ניסים. ער האָט ניט געמיינט איינצופירן דורך א פאָלקס־באשלוס שוין גרייטע און פארענדיקטע אוטאָפּיעס. ער ווייסט, אז קעדיי צו דערשלאָגן זיך זיין באפרייונג און דערגרייכן צו העכערע לעבנס־פאָרמען, צו וועלכע ס'שטרעבט אָן אָפּהאלט די מאָדערנע געזעלשאפט אדאנק איר אייגענער אנטוויקלונג, וועט אים אויסקומען צו פירן א הארטנאקיקן קאמף און איבערלעבן א גאנצע ריי היסטאָרישע פּראָצעסן, וואָס וועלן אינגאנצן ענדערן סיי די מענטשן, סיי די באדינגונגען. דעם ארבעטער־קלאס שטייט פאָר ניט צו פארווירקלעכן וואָסערע ס'ניט איז אידעאלן, נאָר שאפן בלויז א פרייען באָדן פאר די עלעמענטן פון דער נייער געזעלשאפט, וועלכע האָבן זיך שוין אנטוויקלט אין די טיפענישן פון דער כאָרעוו־ווערנדיקער בורזשואזער געזעלשאפט.

מיט פולן באוווסטזיין בענעגייע צו זיין היסטאָרישן באַרוף, פול מיט העלדישער אנטשלאָסנקייט צו שטיין אפ דער הייך פון דעמדאָזיקן באַרוף, קען דער ארבעטער־קלאס מיט א פאראכטונג־שמייכל ענטפערן אף דער נארישער זידלעריי פון די צייטונגס־לאקייען און אף דעם הויכגעלערנטן מוסער פון די פרידלעכע בורזשואזע דאָקטרינערן, וואָס ווי קויהאנים זאָגן זיי ארויס ליגנערישע באנאלקייטן און כראָגן אונטער פארשימלטע רע־צעפּטן.

בעייס די פאריזער קאָמונע האָט גענומען אף זיך די אָנפירונג מיט דער רעוואָליוציע, בעייס פּאָשעטע ארבעטער האָבן זיך צום ערשטן מאָל אייַנגעשטעלט אָנצופירן די פּריווילעגיעס פון זייערע „נאטירלעכע אויבערהארן" — פון די פארמעגלעכע קלאסן, — די פּריווילעגיע אף צו רעגירן, איז זיי אויסגעקומען צו ארבעטן בא אומגעהייער שווערע באדינגונגען, און אויסגעפירט האָבן זיי די ארבעט באשיידן, געוויסנהאפט און מיט דערפאָלג; דער גרעסטער

לוינ זייערע איז געווענ, ווי ס'האָט אויסגערעכנט דער בארימטער אונ אוטאָריטעטער געלערנטער פראָפ. העקסלי, ניט העכער פונ איינ פינפטל געהאלט, וואָס ס'האָט באקומענ א סעקרעטאר פונ א לאָנדאָנער שול־ראט. די אלטע וועלט האָט געקרעמפט פאר קאס, בעייס זי האָט דערזעענ, אז איבערנ שטאָטישנ ראטהויז פלאטערט די רויטע פאָנ, — דער סימוואָל פונ דער רעפובליק, פונ ארבעט.

דאָס איז געווענ די ערשטע רעוואָליוציע, אינ וועלכער דער ארבעטער־קלאס איז אָפנ אנערקענט געוואָרנ פארנ איינציקנ קלאס, וואָס איז נאָכ פעיִק צו געזעלשאפטלעכער איניציאַטיוו. דאָס האָט אנערקענט דער מיטעלער קלאס פונ פאריז — די קלייןהענדלער, באלמעלאָכעס, הענדלער, — אלע, אויסער די רייַכע קאפיטאליסטנ. געלייזט מיט פארשטאנד די פראגע וועגנ קרעדיטאָרנ אונ באלע־כויוועס, די פראגע, וואָס איז געווענ א שטענדיקע סיבע פונ רייַסערייַענ אינעווייניק אינעם מיטלקלאס גופע, האָט די קאָמונע דעמדאָזיקנ קלאס געראטעוועט. אָט דער טייל פונ מיטלקלאס האָט אינ 1848 יאָר גענומענ אָנטייל אינעם דערשטיקנ דעמ יוני־אופשטאנד פונ די ארבעטער, אונ גלייַכ נאָכדעמ איז ער דורכ דער גרינדונג־פארזאמלונג אָפגעגעבנ געוואָרנ פאר א קאָרבנ צו זייַנע קרעדיטאָרנ. ניט צוליבדעמ אָבער איז ער איצט צוגעשטאנענ צו די ארבעטער. ער האָט געפילט, אז ער מוז דאָ אויסקלייַבנ צווישנ דער קאָמונע אונ דער אימפעריע, וואָסער א נאָמענ זי — די אימפעריע — זאָל אפ זיכ ניט טראָגנ. די אימפעריע האָט אינ מאטעריעלנ הינזיכט פולשטענדיק רויִנירט דעמ מיטלקלאס דערמיט, וואָס זי האָט צעראבירט די געזעלשאפטלעכע וויַכטימער, געשטיצט די בירזשע־ספעקוליאציע, קינסטלעכ פארגיכערט די צענטראליזי־רונג פונ קאפיטאל אונ די דערפונ ארויסגערופענע עקספראָפּריאציע פונעמ גרעסטנ טייל מיטלקלאס. די אימפעריע האָט אים פאָליטיש אונטערגעדריקט אונ מאָראליש אימ אופגערעגט מיט אירע אָרגיעס. זי האָט באליידיקט זייַנ וואָלטעריאניזמ דערמיט, וואָס די דערציִונג פונ זייַנע קינדער האָט זי איבערגעגעבנ צו די „אמאָראצישע

גאלאָכים״, זי האָט באליידיקט זײַנע נאציאָנאלע געפילן דערמיט, וואָס זי האָט פארפירט די מילכאָמע, וואָס פאר אלע אומגליקן אירע האָט זי באלוינט מיט איין זאך — מיטן אראָפּווארפן די אימפּעריע. נאָכדעם, ווי די באנדע פון די העכערע באָנאפּארטישע באאמטע און קאפּיטאליסטן איז אנטלאָפן פון פאריז, האָט די „אָרדענונג־פּארטיי״ פונעם מיטלקלאס, אונטערן נאָמען פון „רעפּובליקאנישן פארבאנד״, זיך געשטעלט אונטער דער פאָן פון דער קאָמונע און פארטיידיקט זי קעגן טיערס רעכילעס. צי וועט די דאנקבארקײַט פון אָט דער מאסע פונעם מיטלקלאס קענען אויסהאלטן די איצטיקע שווערע ניסיונעס — דאָס וועט באווײַזן די צוקונפט.

די קאָמונע האָט געהאט דאָס פולע רעכט צו זאָגן דעם פּויערטום: „אונדזער ניצאָכן — איז אײַער האָפענונג!״ די דערקלערונג, אז די פּריצים פון דער נאציאָנאלער פארזאמלונג זײַנען געווען פאָרשטייער פון די פראנצויזישע פּויערים, איז דער פּרעכסטער ליגן, וואָס שטאמט פון ווערסאל און איז צעטראָגן געוואָרן איבער דער גאנצער וועלט דורך די באנדיטן פון דער אייראָפּעיִשער פּרעסע.

זעט מען דען ניט, ווי ווארשײַנלעך ס׳איז אָט די פּלוצימדיקע ליבע פון די פראנצויזישע פּויערים צו מענטשן, וועלכע האָבן זיי נאָכן 1815 יאָר באשטײַערט אַפּ א גאנצן מיליאַרד! אין די אויגן פון א פראנצויזישן פּויער איז שוין דער פאקט אליין, וואָס ס׳עקזיסטירט נאָך דער גרויסער ערד־באזיצער — א מין אטענטאט אַפּ זײַנע דעראָבערונגען פון 1789 יאָר.

אין 1848 יאָר האָבן די בורזשועס ארופגעלייגט אַפּ דער פּויערשער ערד א צוגאָב־שטײַער פון 45 סאנטים אַפּ יעדן פראנק, נאָר געטון האָט מען עס אין נאָמען פון דער רעוואָליוציע; און איצט האָבן זיי אָנגעהויבן א בירגער־קריג קעגן דער רעוואָליוציע, קעדיי ארופצולייגן אַפּ די פּויערשע פּלייצעס דעם הויפּט־לאסט פון דער 5־מיליאַרדיקער קאָנטריבוציע, וואָס זיי האָבן זיך מיסכײַעוו געווען אָפּצוצאָלן די פּרײַסן.

די קאָמונע, פאַרקערט, האָט שוין אין איינע פון אירע ערשטע פּראָקלאַמאַציעס דערקלערט, אַז דעם לאַסט פון דער מיליטאַרישער פאַרפלעכטונג, וואָס ... די קאָמונע וואָלט באַפרײַט דאָס פּויערטום פונעם „בלוט־שטײַער“, וואָלט אים געגעבן אַ ביליקע רעגירונג און וואָלט פאַרביטן אַזעלכע פּיאַווקעס, ווי נאָטאַריוס, אַדוואָקאַט, געריכט־פּריסטאַוו א. אַ. — מיט געדונגענע קאָמונאַלע באַאַמטע, וואָס ווערן אויסגעקליבן דורך אים אַליין און זײַנען פאַר אים אויך פאַראַנטוואָרטלעך. זי וואָלט אים באַפרײַט פונעם ווילקיר פון פעלד־שומער, זשאַנדאַרם און פּרעפעקט. זי וואָלט פאַרביטן דעם פאַרטעמפּנדיקן גלח מיטן אויפקלערנדיקן שול־לערער.

דער פראַנצויזישער פּויער איז פריִער פון אַלץ אַ מענטש מיט חשבון. ער וואָלט געהאַלטן, אַז ס'איז גאַנץ צוועקמעסיק צאָלן די גאַלאַכים ניט פון די סכומען, וואָס ווערן געזאַמלט דורך שטײַער־זאַמלער, נאָר פון די פרײַוויליקע נדבֿות, וואָס זייער גרייס וואָלט אינגאַנצן באַשטימט געווען דורך דער געמיינדע. אָט מיט וואָס פאַר אַ דירעקטע מאַמאָשעסדיקע נוצן פאַרן פראַנצויזישן פּויערטום איז געקומען די הערשאַפט פון דער קאָמונע, און נאָר פון דער קאָמונע. ס'איז דעריבער גאַנץ איבעריק אָפּצושטעלן זיך דאָ אויף די מער קאָמפּליצירטע און עמעסע לעבנס־פראַגן, וואָס זי האָט נאָר די קאָמונע געקענט און אומפאַרמײַדלעך געמוזט לייזן לטובֿת דעם פּויערטום, אַזוינע זײַנען די פראַגן וועגן היפּאָטעקן־חובֿות, וואָס זײַנען געווען אַ שווערער לאַסט פאַר דער פּויערשער ערד, וועגן דער עקספּראָפּריאַציע פון די פּויערים גופא, וועלכע האָט אָנגעהויבן דורכגעפירט ווערן אַלץ שנעלער און שנעלער אַדאַנק דער אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער לאַנד־ווירטשאַפט און אַדאַנק דער קאַפּיטאַליסטישער ערד־באַאַר־בעטונג.

לויט באָנאַפּאַרט איז געווען אויסגעוויילט פאַר אַ פּרעז־זידענט פון דער רעפּובליק דורך די פראַנצויזישע פּויערים.

און די צווייטע אימפעריע האָט געשאַפן די „אָרדענונג־פּאַרטיי".

אין 1849 און 50־טע יאָרן האָט דער פראַנצויזישער פויער אומעטום קעגנגעשטעלט זיין מער — דעם רעגירונג־פּרעפעקט, זיין שול־לערער — דעם רעגירונג־גאַלעך, זיך אַליין — דעם רעגירונג־זשאַנדאַרם, און דערמיט האָט ער אָנגעהויבן אַרויסצובאַווייזן זיינע עמעסע באַדערפענישן. אַלע רעאַקציאָנערע געזעצן, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער „אָרדענונג־פּאַרטיי" אין יאַנוואַר און פעברואַל 1850, זיינען געווען געווענדעט, ווי די פּאַרטיי איז זיך אַליין מודע, קעגן די פויערים. דער פויער איז געווען אַ באָנאַפּאַרטיסט, ווייל די גרויסע רעוואָלוציע און די נוצן, וועלכע זי האָט אים געבראַכט, האָט ער פעסט באַהעפט מיטן נאָמען נאַפּאָלעאָן. באַ דער צווייטער אימפּעריע איז אָט די זעלבסטנאַרעריי פאַרשווונדן געוואָרן. אָט די אַמאָליקע איינרעדעניש (וואָס לויטן עצעם איז זי געווען פיינטלעך צו די שטרעבונגען פון די פּריצים) וואָלט ניט געקענט ביישטיין קעגן דער קאָמונעס אַפּעלירן צו די לעבנס־אינטערעסן און צו די דרינגענדסטע באַדערפענישן פונעם פויערטום. די פּריצים האָבן אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען (און טאַקע מער פון אַלץ דערפאַר מורא געהאַט), אַז אויב דער קאָמונאַלער פּאַריז וועט האָבן אַ פרייען פאַרקער מיט דער פּראָווינץ, וועט אין משך פון אַ דריי כאַדאָשים אויפּלאַקערן אַן אַלגעמיינער פויערים־אויפשטאַנד. און טאַקע דעריבער האָבן זיי זיך אַזוי געאיילט אַרומצוצינגלען פּאַריז מיט פּאָליציישער בלאָקאַדע, כדי ניט צו דערלאָזן, אַז די עפּידעמיע זאָל זיך אומעטום פאַרשפּרייטן.

די קאָמונע איז געווען די עמעסע פאָרשטייערן פון אַלע געזונטע עלעמענטן אין דער פראַנצויזישער געזעלשאַפט. דעריבער איז זי בעעמעס געווען אַ נאַציאָנאַלע רעגירונג. נאָר זייענדיק אַ רעגירונג פון אַרבעטער, אַ דרייסטע קעמפערן פאַר דער באַפרייונג פון אַרבעט, איז זי אין דערזעלבער צייט געווען אַ אינטערנאַציאָנאַלע אין פולן זין פון וואָרט. פאָנעם־על־פּאָנעם

מיט דער פּרײַסישער אַרמײ, װעלכע האָט אַנעקסירט פאַר דײַטש־לאַנד צװײ פראַנצױזישע פּראָװינצן, האָט די קאָמונע באַהעפט צו פראַנקרײַך די אַרבעטער פון דער גאַנצער װעלט.

די צװײטע אימפּעריע איז אַ יאָנטעװ פון קאָסמאָפּאָליטישער שװינדלערײַ. אַף איר רוף האָבן זיך פון אַלע לענדער אַ לאָז געטון רױבער, קעדײ אָנטײל צו נעמען אין אירע אָרגיִעס און אינעם באַרױבן דאָס פראַנצױזישע פאָלק. גאַנעסקאָ, אָט דער װאַלאַכישער שװינדלער, איז נאָך אַפילו אין דעם מאָמענט די רעכטע האַנט פון טיערן, און די לינקע האַנט זײַנע — איז מאַר־קאָװסקי. די קאָמונע האָט געשאַפן פאַר אַלע אױסלענדער די מעגלעכקײַט און דעם קאָװעד צו שטאַרבן פאַר אַן אומשטערב־לעכער זאַך. פאַר דער צײַט, װאָס צװישן דער אױסערלעכער שכיטע, פאַרשפּילטער צוליב פאַראַט, און צװישן דעם בירגער־קריג, אַרױסגערופן דורך פאַרשװערונג מיטן פרעמדן באַזיגער, האָט די בורזשואַזיִע באַװיזן צו אַנטפּלעקן איר פּאַטריאָטיזם דורך פּאָליציײשע רעדיפעס אַף די דײַטשן איבער גאַנץ פראַנקרײַך. די קאָמונע האָט פאַר קאָמיסאַר פון געזעלשאַפטלעכער אַרבעט באַשטימט אַ דײַטש.

סײַ טיער, סײַ די בורזשואַזיִע, סײַ די צװײטע אימפּעריע האָבן גענאַרט די פּױלן מיט זײערע עפנטלעכע מיטגעפיל־אױס־דריקן, אין דער צײַט װען אינדערעמעסן האָבן זײ די פּױלן פאַרקױפט. די קאָמונע האָט באַערט די העלדישע זין פון פּױלן, אװעקשטעלנדיק זײ אין שפּיץ פון די פאַרטײדיקער פון פּאַריז. קעדײ בולעטער צו באַצײכענען די נײַע היסטאָרישע טקופע, װאָס זי האָט באַװוסטזיניק געעפנט מיט איר אױפקומען, האָט די קאָמונע, שטײענדיק, פון אײן זײַט, פאַר די זיגרײַכע פּרײַסן און, פון דער צװײטער זײַט, פאַר דער באָנאַפּאַרטישער אַרמײ מיט באָנאַפּאַרטישע גענעראַלן אין שפּיץ, אַראָפּגעװאָרפן דעם קאָלאָסאַלן סימװאָל פון מיליטערישן רום — די װאַנדאָמער קאָלאָנע.

דער גרעסטער אופטו פונ דער קאָמונע איז געווען שוינ דאָס אליינ, וואָס זי עקזיסטירט, וואָס זי ארבעט, די איינצלנע מאָס־מיטלענ, וואָס זי האָט דורכגעפירט, האָבנ געקענט נאָר באצייכענענ די ריכטונג, אינ וועלכער ס'אנטוויקלט זיכ די אָנפירונג מיטנ פאָלק דורכנ פאָלק אליינ. צו דידאָזיקע מאָסמיטלענ געהערט: דאָס פארווערנ נאכט־ארבעט פונ בעקער, דאָס פארווערנ ארופצולייגנ אפ די ארבעטער געלט־שטראָפ, — א שטענדיקער מינהעג פונ די ארבעט־געבער, וועלכע פלעגנ דאָס געלט ארייַנלייגנ צו זיכ אינ קעשענע, ווייַל אינ זייער פערזאָנ האָבנ זיי פארייניקט סייַ די געזעצגעבערישע מאכט, סייַ די געריכטלעכע, סייַ די אויספיר־מאכט. צו די מאָסמיטלענ פונ דעמ מינ האָט געהערט אויכ די פאראָר־דענונג, אז אלע פאבריקנ אונ ווארשטאטנ, וואָס די באלעבאטימ זייערע זייַנענ אנטלאָפנ אָדער האָבנ דאָרט אָפגעשטעלט די ארבעט, ווערנ איבערגעגעבנ אינ רעשוס פונ די ארבעטער־אסאָציאציעס, מיט רעכט פונ די באלעבאטימ צו באקומענ קאָמפענסאציע.

די פינאנציעלע פאראָרדענונגענ פונ דער קאָמונע האָבנ זיכ אויסגעצייכנט מיט אויסגערעכנטקייַט אונ מעסיקייַט. דאָ האָט זי זיכ געמוזט באנוגענענ בלויז מיט אזעלכע מאָסמיטלענ, וואָס זייַנענ מעגלעכ באמ צושטאנד פונ א באלאגערטער שטאָט. בא דער אָנפירונג פונ האוסמאנ (געוועזענער פרעפעקט פונ פאריז. רעד.) האָבנ די פארשיידענע באנקירישע קאָמפאניעס אונ בוי־אונטער־נעמער אזוי באגאנוועט פאריז, אז די קאָמונע האָט געהאט אסאכ מער רעכט צו קאָנפיסקירנ זייער פארמעגנ, ווי לוי באָנאפארט — דאָס פארמעגנ פונ די אָרלעאנער. די האָהענצאָלערנ אונ די ענגלישע אָליגארכנ, וואָס דער גרעסטער טייל פונ זייער רייַכטומ באשטייט פונ די אָנגעראבירטע קלויסטער־פארמעגנס, זייַנענ געווענ אופגעבראכט אפ דער קאָמונע, וועלכע האָט פונ דער קאָנפיסקאציע פונ די קלויסטער־רייַכטימער באקומענ סאכאקל 8.000 פראנק.

ווי נאָר די ווערסאלער רעגירונג איז געוואָרנ עטוואָס דרייסטער אונ שטאקער, האָט זי גלייַכ אָנגעהויבנ אָנצווווענדנ קעגנ

דער קאָמונע די שאַרפסטע גוואַלד־מיטלען. אין גאַנץ פראַנקרייַך האָט זי געשטיקט יעטווידער פרייַען מיינונג-אויסדרוק, אפילע די דעלעגאַטן־פאַרזאַמלונג פון די גרעסערע שטעט האָט זי פאַרווערט, ווערסאַל און גאַנץ פראַנקרייַך האָט זי פאַרפלייצט מיט שפּיאָנען אין אַסאַך אַ גרעסערער מאָס, איידער דאָס איז געטון געוואָרן בײַ דער צווייטער אימפעריע. אירע זשאַנדאַרמען־אינקוויזיטאָרן פלעגן פאַרברענען אַלע צייַטונגען פון פּאַריז, פלעגן עפענען אַלע בריוו, וואָס זייַנען געגאַנגען פון פּאַריז און קיין פּאַריז. די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג פלעג אויף יעדן קלענסטן פּרוּוו צו זאָגן אַ וואָרט לטובת פּאַריז ענטפערן מיט אַ שרעקלעכן רעווען, וואָס אַזוינס האָט מען ניט געהערט אַפילע אינעם פרייַ־צישן פּאַרלאַמענט פון 1816 יאָר. די ווערסאַלער האָבן ניט געפירט קיין בלוטדורשטיקע מילכאָמע קעגן פּאַריז, נאָר זיך פאַרשווע־רונגען און אונטערקויפן האָבן זיי געזוכט אַהין אַרייַנצודרינגען. צי האָט די קאָמונע, ניט פעלשנדיק אין איר באַרוף, געקענט בײַ אַזעלכע באַדינגונגען אייַנהאַלטן, ווי אין אַ צייַט פון שטילסטן פרידן, אַלע אייַנגעשטעלטע פאָרמען פון ליבעראַליזם? וואָלט די רעגירונג פון דער קאָמונע געווען אין דעמזעלבן גייַסט, וואָס טיערס רעגירונג, וואָלט דאָך דאַן קיינשום גרונט ניט געווען צו פאַרווערן אין פּאַריז די צייַטונגען פון דער „אָרדענונג־פּאַרטיי“ און אין ווערסאַל — די צייַטונגען פון דער קאָמונע.

נאַטירלעך, די דעפּוטאַטן פון דעם „פרייַצישן פּאַרלאַמענט“ זייַנען געווען אויסער זיך פאַר קאַאָס, וואָס אין דער צייַט, ווען זיי האָבן דערקלערט, אַז דער איינציקער מיטל צו ראַטעווען פראַנקרייַך איז אומקערן זי צוריק אין די אָרעמס פון קלויסטער, האָט די אומגלויביקע קאָמונע פאַרנומען זיך מיט אויפדעקן די סודעס פונעם פרויען־מאָנאַסטיר „פּיקפּוס“ און פונעם קלויסטער פון הייליקן לאָראַן. און אַז די קאָמונע פלעג אָפּרופן אירע גענעראַלן און אַרעסטירן זיי בײַ מינדסטן כּשאַד אין נאַכלעסיקער באַציִונג צו זייערע פליכטן, איז עס דען ניט געווען די

שאַרפֿסטע סאַטירע אױף טיערן, װעלכער האָט באַשאָטן זײַנע גענעראַלן מיט קרײצן פֿון ערן־לעגיאָן פֿאַר זײער מײַסטערשאַפֿט צו פֿאַרשפּילן שלאַכטן, אונטערצושרײַבן קאַפּיטוליאַציעס און דרײען פֿאַפּיראָסלעך אין װילהעלמסהעע? װען די קאָמונע האָט אָפּגערופֿן און אַרעסטירט אײנעם פֿון אירע מיטגלידער, װאָס האָט זיך אַרײַנגעגאַנװעט אהין אונטער אַ פֿרעמדן נאָמען, נאָכדעם װי ער איז אין ליאָן 6 טעג געװען אַרעסטירט אַלס באַנקראָט, איז עס ניט געװען אַ פֿאַטש אין פּאָנעם דעם פֿאַבריקאַנט פֿון פֿאַלשע דאָקומענטן, זשיול פֿאַװר, דעם אױסערן־מיניסטער פֿון פֿראַנקרײַך, װעלכער האָט פֿאַרקױפֿט דאָס לאַנד ביסמאַרקן, און האָט דיקטירט באַפֿעלן דער אומגלײַכער בעלגישער רעגירונג? די קאָמונע האָט אָבער ניט געשריגן, אַז זי איז רײן פֿון טאָעסן, װי ס'האָבן עס געטון אַלע אָן אױסנאַם אַלטע רעגירונגען. זי האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אַלע רעדעס פֿון אירע זיצונגען, פֿאַרעפֿנטלעכט אַלע אירע מײַסים. זי האָט נישט באַהאַלטן פֿון דעם אױלעם קײנע פֿון אירע שװאַכע זײַטן.

יעדע רעװאָליוציע רוקט אַרױס צװאַמען מיט די עמעסע אירע פֿאָרשטײער אױך מענטשן פֿון אַן אַנדער שניט. פֿון אײן זײַט זײַנען עס די, װאָס האָבן געשפּילט אַ װיכטיקע ראָל אין די פֿריערדיקע רעװאָליוציעס, זײַנען מיט זײ זיך צונױפֿגעװאָקסן, און דעריבער פֿאַרשטײען זײ ניט דעם זין פֿון דער איצטיקער באַװעגונג. ניט געקוקט אָבער דערױף, האָבן זײ אַ גרױסע װירקונג אױפֿן פֿאָלק אַדאַנק זײער דרײסטקײַט, זײער פּערזענלעכן כאַראַקטער, אָדער פּאָשעט אַדאַנק דער טראַדיציע. פֿון דער צװײטער זײַט זײַנען עס פּאָשעטע שרײַערס, װאָס יאָר צו יאָר כאַזערן זײ איבער זײערע אױסגעדראָשענע טײַנעס צו דער עקזיסטירנדיקער רעגירונג און באַקומען דערפֿאַר אַ נאָמען פֿון רעװאָליוציאָנערן פֿון דער העכסטער פּראָבע. אַזעלכע מענטשן האָבן זיך באַװיזן אױך נאָכן 18 מאַרט. זײ איז אַפֿילע אַמאָל אױסגעקומען צו שפּילן ערשט־קלאַסיקע ראָלעס און, אױף װיפֿל זײ זײַנען נאָר אימשטאַנד געװען,

האָבנ זיי אָפּגעהאלטנ די ריכטיקע באוועגונג פונ ארבעטער־קלאס פונקט אזוי, ווי זיי האָבנ פריִער געשטערט דער אנטוויקלונג פונ די פריִערדיקע רעוואָליוציעס. זיי זײַנענ אנ אומ־ארמײַדלעכע צאָרע, מ׳קענ זיכ באפרײַענ פונ זיי נאָר מיט דער צײַט. די קאָמונע האָט אָבער אָט די צײַט שוינ ניט געהאט.

די קאָמונע האָט, ווי מיט עפּעס א קישעפ, פאריז אינגאנצנ אומגעביטנ. דער אויסגעלאסענער פאריז פונ דער צווייטער אימפּעריע איז פארשוווּנדנ געוואָרנ. די הויפּט־שטאָט פונ פראַנקרײַכ האָט אויפגעהערט צו זײַנ א זאמל־פונקט פונ אלע ענגלישע גרויסע ערדבאזיצער, אירלענדישע שיקורימ, אמעריקאנישע געוועזענע קנעכט־אייגנטימער אונ אויפגעקומענע מעיוכאָסימ, רוסישע לײַב־אייגנטימער אונ וואָלעכשע באָיארנ. אינ די מאָרגנ *) — קיינ איינ קערפּער, נישטאָ קיינ נאכט־רויבערײַענ, קימאט ניטאָ קיינ איינ גנייווע. צומ ערשטנ מאָל נאָכ פעווראל 1848 יאָר זײַנענ די גאסנ פונ פאריז געוואָרנ ניט געפערלעכ, האגאמ קיינ איינ פּאָליצייי־מאנ איז אפ זיי ניט געווענ. „מיר הערנ שוינ ניט — זאָגט איינער פונ די קאָמונע־מיטגלידער — ניט וועגנ רעציכעס, ניט וועגנ רויבערײַענ, ביכלאל וועגנ פארברעכנס קעגנ פערזאָנענ״.

מ׳קענ מיינענ, אז די פּאָליציי האָט מיט זיכ אוועקגעפירט קיינ ווערסאל אלע אירע קאָנסערוואטיווע פרײַנט. די גאסנ־פרויענ זײַנענ נאָכגעפאָרנ נאָכ זייערע פאטראָנענ, נאָכ די אנטלאָפענע זײַנ פונ פאמיליע, רעליגיע אונ (באזונדערס) אייגנטומ. זייער אָרט האָט ווידער פארנומענ די עכטע פאריזער פרוי, העלדישע, גרויסמוטיקע אונ מעסירעסנעפעשדיקע, ווי די פרויענ פונ קלאסישנ אלטערטומ. פאריז, וואָס ארבעט, דענקט, קעמפט, גייט אָפּ מיט בלוט, אונ שײַנט אָבער מיט באגײַסטערטנ באוווּסטזײַנ וועגנ זײַנ היסטאָרישער איניציאטיוו, — פאריז האָט קימאט פארגעסנ אָנ די מענטשנפרעסער, וואָס זײַנענ געשטאנענ ארומ זײַנע ווענט, אונ

---

*) מייסימ־שטיבלעכ, ווו מ׳האלט א צײַט די טויטע פונ גאס.

האָט זיך מיט לײַב און לעבן איבערגעגעבן דעם בױען אַ נײַע געזעלשאַפט.

און פּאָנעם־על־פּאָנעם מיט אָט דער נײַער פּאַריזער װעלט איז געשטאַנען די אַלטע װעלט פֿון װערסאַל — אָט די קאָלעקציע שמאַטעס פֿון אַלע אָפּגעלעבטע אָרדענונגען. לעגיטימיסטן און אָרלעאַניסטן, װאָס גאַרן צו צערײַסן מיט די ציין דעם פֿאָלקס־קערפּער, — מיט אַ לאַנגן עק פֿון פֿאַרצײַטיקע רעפּובליקאַנער, װאָס האַלטן אונטער אין דער נאַציאָנאַלער פֿאַרזאַמלונג דעם בונט פֿון קנעכט־באַזיצער. זײ האָבן געהאָפֿט, אַז דורך דער נאַרישער גאַדלעס פֿון דעם אַלטן לעץ, װאָס שטײט אין שפּיץ פֿון דער רעגירונג, װעלן זײ קענען ראַטעװען זײער פּאַרלאַמענטאַרישע רעפּובליק. זײ האָבן זיך באַשעפּטיקט דערמיט, װאָס זײ האָבן מיט זײערע געהײמע פֿאַרזאַמלונגען אין „זשע־דע־פּאָם" (אַ זאַל פֿאַר ספּאָרט, װוּ די נאַציאָנאַלע פֿאַרזאַמלונג פֿון 1789־טן יאָר האָט אָנגענומען אירע באַרימטע באַשלוסן) געשאַפֿן אַ פּאַראָדיע אויפֿן 1789־טן יאָר. דידאָזיקע פֿאַרזאַמלונג, אָט דער באַרמינען, װאָס האָט פֿאָרגעשטעלט מיט זיך דאָס גאַנצע אָפּגעלעבטע פֿראַנק־רײַך, האָט געלעבט מיט עפּעס אַ קלאָמערשטן לעבן, נאָר אַדאַנק די שװערדן פֿון באָנאַפּאַרטס גענעראַלן, װעלכע זײַנען געװען איר אײנציקע שטיצע. פּאַריז איז פֿון אָנהײב ביז סאָף — עמעס; װערסאַל איז פֿון אָנהײב ביז סאָף — ליגן; און דער טרעגער פֿון אָט דעם ליגן איז געװען טיער.

טיערס פּאַריז איז ניט געװען דאָס עמעסע פּאַריז פֿון „נידערטרעכטיקן האַמױן", טיערס פּאַריז איז געװען אַ פּאַריז אַ פֿאַנטאַסטישער, אַ פּאַריז פֿון פֿאַפּעריסטן, אַ פּאַריז פֿון בולװאַרן־אױלעם פֿון בײדע געשלעכטער. דער רײַכער, קאַפּיטאַ־ליסטישער, מיט גאָלד באַפּוצטער, לײדיקגײערישער פּאַריז — פּאַריז, װעלכער האָט איצט מיט זײַנע לאַקײען, שאַרלאַטאַנעס, גאַסן־פּרױען, מיט זײַנע ליטעראַרישער באָהעמע אָנגעפֿילט װערסאַל, סען־דעני, רױעל און סען־זשערמען, װעלכער האָט אויפֿגענומען די

צווישנבירידערלעכע מילכאָמע נאָר ווי א אינטערעסאנטע אינטער־מעדיע, וועלכער האָט דורך א רער־שפּאַקטיוו געקוקט און נאכעט געקליבן פונעם שלאכט, האָט געציילט די הארמאטן־שאָסן און האָט געשווירן בא זײַן קאָוועד און באם קאָוועד פון זײַנע גאָסנ־פרויען, אז דאָ איז דער ספּעקטאקל אסאך שענער, איידער אין טעאטער Port st. Marten. די געהארגעטע זײַנען דאָך אינדער־עמעסן געהארגעט, די געשרייען זײַנען דאָך דאָ געווען ניט קיין נאָכגעמאכטע, און די דראמע, וואָס איז פאָרגעקומען פאר זייערע אויגן, איז דאָך געווען אן אלוועלטלעכ־היסטאָרישע דראמע.

פּ. ענגעלס

# צום צוואנציקסטן יאָרטאָג פון פאריזער קאָמונע

...די קאָמונע איז באשטאנען קימאט אויסשליסלעך פון ארבעטער אָדער פון אנערקענטע אָנהענגער פונעם ארבעטער־קלאס, און אירע באשלוסן האָבן דעריבער געטראָגן אן אנטשיידענעם פּראָ־לעטארישן כאראקטער. די קאָמונע האָט דעקרעטירט טיילווײַז אזעלכע רעפאָרמען, וועלכע די רעפּובליקאנישע בורזשואזיע האָט ניט דורכגעפירט צוליב פּאכדאָנעס, וועלכע זײַנען אָבער געווען א גרונט־באדינגונג פאר דער פרײַער טעטיקײַט פונעם ארבעטער־קלאס, ווי, לעמאָשל, דאָס דורכפירן דעם פּרינציפּ, אז בענוגע צו דער מעלוכע איז די רעליגיע בלויז א פּריוואטע זאך; אָדער זי פלעגט אָנעמען באשלוסן דירעקט אין די אינטערעסן פונעם ארבעטער־קלאס, וועלכע פלעגן טיילווײַז טיף אונטערגראָבן די אלטע געזעלשאפטלעכע אָרדענונג. אָבער אין א באלאגערטער שטאָט האָט דאָס אלץ אין בעסטן פאל געקענט באקומען נאָר אן

אָנהייב פון פארווירקלעכונג, און אָנהייב מײַ האָט מען שוין געמוזט אָפּגעבן די גאנצע קויכעס דעם קאמף מיטן מיליטער פון דער ווערסאלער רעגירונג, וואָס פלעגט ווערן אלץ גרעסער אין צאָל.

דעם 7־טן אפּרעל האָבן די ווערסאלער פאַרכאפּט דעם אריבערגאנג דורך דער סענע בא נעליאי, אפן מײַרעוו־פראָנט פון פאריז; אָבער דעם 11־טן אפּרעל האָבן זיי געכאפּט א בלוטיקע מאפּאָלע פונעם גענעראל דע, בעייס זיי זײַנען אָנגעפאלן אפן דאָרעם־פראָנט. פאריז איז אָן אן אופהער באָמבארדירט געוואָרן און גראָד דורך דיזעלבע לײַט, וואָס האָבן געשטעמפּלט די באָמבארדירונג פון דערזעלבער שטאָט דורך די פרײַסן, אלס א כילעל האשעם. און דיזעלבע לײַט האָבן איצט ראכמים געבעטן בא דער פרײַסישער רעגירונג, זי זאָל וואָס גיכער אומקערן די פראנצויזישע סאָלדאטן, וועלכע זײַנען גענומענע געוואָרן געפאנגענע בא סעדאן און מעץ, קעדיי זיי זאָלן אײַנעמען פאר זיי פאריז. דאָס ביסלעכווײַזע אָנקומען פון דידאָזיקע מיליטער־טיילן האָט געגעבן די ווערסאלער פון אָנהייב מײַ אן אנטשיידנדיקע איבערהאנט. דאָס איז שוין קלאָר געווען דעם 23־טן אפּרעל, ווען טיער האָט איבערגעריסן די אונטערהאנדלונגען וועגן דעם, וואָס די קאָמונע האָט פאָרגעלייגט אויסטוישן דעם פאריזער ארכיבישאָף און א גאנצע ריי אנדערע גאלאָכים, וועלכע זײַנען פארהאלטן געוואָרן אין פאריז, אלס אָרוועס־לײַט, אפ איינ בלאנקי, וועלכער איז שוין צוויי מאָל אויסגעקליבן געוואָרן אין דער קאָמונע, נאָר איז געזעסן ארעסטירט אין קלערוואָ. נאָך קלאָרער איז דאָס געוואָרן פון דעם, וואָס ס'האָט זיך געענדערט דער טאָן פון טיערס רעדעס. ביז איצט האָט ער גערעדט אײַנגעהאלטן און צוויידײַטיק, איצט האָט ער מיטאמאָל אָנגעהויבן רעדן כוצפּעדיק, דראָענדיק, גראָב. צום 3־טן מײַ האָבן די ווערסאלער פארנומען אפן דאָרעם־פראָנט דעם רעדוט מולען־סאקע, דעם 9־טן — דעם פאָרט איסי, וועלכן די באָמבארדירונג האָט פארוואנדלט אין כורוועס, דעם 14־טן — דעם

פאָרט וואַנ. אפנ מײַרעוו־פראָנט האָבנ זיי זיכ ביסלעכווײַז צוגערוקט ביז דער הויפט־ליניע פונ די פארפעסטיקונגענ, פארנעמענדיק די גרויסע צאָל געבײַדעס אונ דערפער, וואָס ציִענ זיכ ביז דער שטאָט־וואנט. דעמ 21־טנ האָט זיכ זיי אײַנגעגעבנ ארײַנצודרינגענ אינ שטאָט, אדאנק א פאראט אונ צוליב דער נאכלעסיקײַט פונ דער נאציאָנאלער גווארדיע, וועלכע איז דאָ געשטאנענ. די פרײַסנ, וועלכע האָבנ פארנומענ די צאָפנדיקע אונ מיזרעכדיקע פראָנטנ, האָבנ דערלויבט די ווערסאלער ארײַנצודרינגענ צו צאָפנ צו פונ שטאָט אינ א געגנט, וואָס איז בא זיי, די פרײַסנ, געווענ אומצוטריטלעכ לויט די באדינגונגענ פונעמ וואָפנשטילשטאנד, אונ, אפ אזא אופנ, האָבנ זיי געגעבנ די ווערסאלער די מעגלעכקײַט צו אטאקירנ די שטאָט אפ א לאנגנ פראָנט, וואָס די פאריזער האָבנ אימ געהאלטנ פאר באשיצט דורכנ וואָפנשטילשטאנד אונ וואָס פלעגט דעריבער שוואכ פארטיידיקט ווערנ. דער מײַרעוו־טייל פונ שטאָט, די לוקסוס־שטאָט אייגנטלעכ, האָט ארויסגעוויזנ א שוואכנ ווידערשטאנד; דערדאָזיקער ווידערשטאנד פלעגט ווערנ אלצ אײַנגעשפארטער אונ שטארקער, וואָס מער די ארײַנגעדרונגענע מיליטער־טיילנ פלעגנ זיכ דערנעענטערנ צומ מיזרעכ־טייל, צו דער אייגנטלעכער ארבעטער־שטאָט. ערשט נאָכ אנ אכט־טאָגיקנ קאמפ זײַנענ געפאלנ די לעצטע פארטיידיקער פונ דער קאָמונע אפ די הייכנ פונ בעלוויל אונ מענילמאָנטאנ, אונ דאנ דערגרייכט דער מאָרד פונ אומבאוואָפנטע מאנסבילנ, פרויענ אונ קינדער, וואָס האָט געווילדעוועט אינ א מעשעכ פונ אַ גאנצער וואָכ אינ אנ אלצ שטײַגנדיקער מאָס, צו איר העכסטנ פונקט. די פארפולקאָמטע ביקס פלעגט דערהארגענענ ניט גענוג גיכ, אונ די באזיגטע פלעגנ אינ הונדערטער צעשאָסנ ווערנ פונ מיטראליעזנ (הארמאטנ). די „וואנט פונ די פעדעראטנ" (קאָמונארנ) אפנ בייסוילעמ פער לאשעז, ווו עס איז פאָרגעקומענ די לעצטע מאסנ־דערמאָרדונג, שטייט נאָכ אדאיעמ, אלס א שטומער, אָבער פילבאדײַטנדיקער איידעס פונ דעמ, אפ וואָס פאר אנ אכזאָריעס עס איז פעיִק דער

הערשנדיקער קלאס, ווענ דער פּראָלעטאריאט וואגט ארויסצוטרעטנ פאר זײַנע רעכט. דערנאָכ, ווענ ס׳האָט זיכ ארויסגעוויזנ די אומעגלעכקײַט אויסצוהארגענענ אלעמענ, האָבנ זיכ אָנגעהויבנ די מאסנ־ארעסטנ, די צעשיסונג פונ ווילקירלעכ אויסגעקליבענע קאָרבאָנעס פונ די רייענ פונ די געפאנגענע, דאָס אוועקפירנ די איבערגעבליבענע אינ א גרויסנ לאגער, ווו זיי האָבנ געמוזט ווארטנ, ביז זיי וועלנ געשטעלט ווערנ פארנ מיליטערישנ געריכט. די פּרײַסישע מיליטער־טיילנ, וואָס האָבנ ארומגערינגלט פאריז פונ צאָפנ־מיזרעכ, האָבנ געהאט א באפעל ניט דורכלאָזנ קיינ איינ אנטלאָפענעמ, נאָר דאָכ פלעגנ זיכ די אָפיצערנ אָפט מאכנ ניט זעענדיק, ווענ די סאָלדאטנ פלעגנ מער פאָלגנ דעמ געפיל פונ מענטשלעכקײַט, איידער דעמ באפעל פונ זייער אויבער־קאָמאנדע; באזונדערס בארימט מיט זײַנ מענטשנ־ליבע איז געווענ דער זאקסישער ארמיי־קאָרפּוס, וואָס האָט דורכגעלאָזט אסאכ, וואָס זײַנענ קלאָר געווענ קעמפער פונ דער קאָמונע.

אויב מיר וועלנ זיכ איצט, אינ צוואנציק יאָר ארומ, ארומקוקנ אפ דער טעטיקײַט אונ היסטאָרישער באדײַטונג פונ דער פאריזער קאָמונע פונ 1871־טנ יאָר, וועלנ מיר געפינענ, אז צו דער שילדערונג, וואָס איז געגעבנ געוואָרנ אינעמ „בירגער־קריג אינ פראנקרײַכ”, דארפ מענ צוגעבנ אייניקע דערגאנצונגענ.

די מיטגלידער פונ דער קאָמונע זײַנענ געווענ צעטיילט אפ א מערהײַט, וואָס איז באשטאנענ פונ בלאנקיסטנ, וועלכע האָבנ געהערשט אויכ אינ צענטראל־קאָמיטעט פונ דער נאציאָנאלער גווארדיע, אונ אפ א מינדערהײַט, וועלכע איז באשטאנענ פונ מיטגלידער פונ דער אינטערנאציאָנאלער ארבעטער־אסאָציאציע, דאָס רוב אָנהענגער פונ פּרודאָנס סאָציאליסטישער לערע. די בלאנקיסטנ זײַנענ דעמאָלט געווענ סאָציאליסטנ, דעריקער צוליבנ רעוואָלוציאָנערנ פּראָלעטארישנ אינסטינקט; נאָר א קליינער טייל פונ זיי האָט זיכ דערהייבנ ביז א גרעסערער פּרינציפּיעלער קלאָרקײַט דאנק וואליאנענ, וועלכער איז געווענ באהאוונט אינעמ דײַטשישנ

וויסנשאַפטלעכן סאָציאַליזם. דעריבער איז פאַרשטענדלעך, אַז די קאָמונע האָט אינעם געביט פון עקאָנאָמישע פאַרהעלטענישן פאַרזעען פיל אַזוינס, וואָס זי האָט, לויט אונדזערע איצטיקע באַגריפן, געמוזט אויפטון. שווערער פון אַלץ איז צו פאַרשטיין דעם דערעכערעץ, מיט וועלכן זי איז געבליבן שטיין פאַר די טויערן פונעם באַנק פון פראַנקרייך. דאָס איז אויך געווען אַ גרויסער פּאָליטישער פעלער. דער באַנק אין די הענט פון דער קאָמונע — דאָס וואָלט געהאַט אַ פיל גרעסערע באַדייטונג, איידער צען טויזנט אָרוועס־לייט. דאָס וואָלט באַדייט דעם דרוק פון דער גאַנצער פראַנצויזישער בורזשואַזיע אויף דער ווערסאַלער רעגירונג, זי זאָל שליסן שאָלעם מיט דער קאָמונע. נאָך מער וווּנדערבאַר איז אָבער דאָס, וואָס די קאָמונע, וועלכע איז באַשטאַנען פון בלאַנקיסטן און פּרודאָניסטן, האָט ניט קוקנדיק אויף דעם, אָפט געהאַנדלט גאַנץ ריכטיק. זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז פאַר די עקאָנאָמישע דעקרעטן פון דער קאָמונע, סיי פאַר זייערע מײַלעס און סיי פאַר זייערע כעסרוינעס, זײַנען קוידעמקאָל פאַראַנטוואָרטלעך די פּרודאָניסטן, פּונקט ווי פאַר אירע פּאָליטישע האַנדלונגען און פעלערן זײַנען פאַראַנטוואָרטלעך די בלאַנקיסטן. ווי עס טרעפט געוויינלעך, ווען די מאַכט פאַלט אַרײַן אין די הענט פון דאָקטרינערן, האָבן לויט דער איראָניע פון דער געשיכטע, סיי די, סיי יענע געטון פּונקט דעם היפּעך פון דעם, וואָס זיי האָבן געדאַרפט טון לויט זייער שול־דאָקטרינע.

פּרודאָן, אָט דער סאָציאַליסט פון קליין־פּויערטום און האַנט־ווערקער, האָט מאַמעש געהאַסט די אַסאָציאַציע. ער פלעגט זאָגן וועגן איר, אַז אין איר איז פאַראַן מער שלעכטס, איידער גוטס, אַז זי איז אומנוצלעך לויט איר נאַטור, אַז זי איז אַפילע שעדלעך, ווי יעדע קייט אויף דער פרײַהייט פונעם אַרבעטער, אַז דאָס איז אַ פּוסטע דאָגמע, אַן אומפּראָדוקטיווע, אַן אומזיניקע, אַז זי שטייט אין אַ ווידערשפּרוך ניט נאָר מיט דער פרײַהייט פונעם אַרבעטער,

נאָר אויך מיטן פּרינציפּ פון אײַנשפּאָרן אַרבעט, און אירע שלעכטע זײַטן וואַקסן גיכער, איידער אירע מײַלעס. לעגאַבע איר זײַנען קאָנקורענץ, אַרבעט־צעטיילונג, פּריוואַט־אייגנטום — נוצלעכע עקאָ־נאָמישע קרעפטן. נאָר אין אויסנאַם־פאַלן, ווי פּרודאָן רופט זיי אָן, אין דער גרויס־אינדוסטריע און גרויסע אונטערנעמונגען, ווי, צום בײַשפּיל, אײַזנבאַנען, קען דערלאָזט ווערן די אַסאָציאַציע פון אַרבעטער („Idée générale de la Révolution", 3 étude).

און אין 1871־טן יאָר האָט שוין די גרויס־אינדוסטריע אויפ־געהערט צו זײַן אַן אויסנאַם אַפילו אין פּאַריז, אין אָט דעם צענטער פון האַנטווערקער־שער פּראָדוקציע, פון שיינע אויסאַר־בעטונגען. זי איז שוין געווען אַף אַזויפיל פאַרשפּרייט, אַז דער וויכטיקסטער דעקרעט פון דער קאָמונע האָט פאַראָרדנט אַזאַ אָרגאַניזירונג פון דער גרויס־אינדוסטריע און אַפילו פון דער מאַנופאַקטור, פאַר וועלכער עס זײַנען ניט נאָר געווען נייטיק אַסאָציאַציעס פון די אַרבעטער אַף יעדער פאַבריק, נאָר מ'האָט אַפילו געדאַרפט פאַרייניקן אָט די אַלע באַזונדערע אַסאָציאַציעס אין איין גרויסן פאַרבאַנד. און אַזאַ אָרגאַניזאַציע האָט, ווי מאַרקס האָט גאַנץ ריכטיק באַמערקט אין „בירגער־קריג", אומפאַרמײַדלעך געמוזט פירן צום קאָמוניזם, ד. ה. צום דירעקטן היפּעך פון פּרודאָנס לערע. אָט פאַרוואָס די קאָמונע איז געווען דער קייווער פון דער פּרודאָנישער שול פון געם סאָציאַליזם. די דאָזיקע שול איז איצט פאַרשוווּנדן געוואָרן פון די פראַנצויזישע אַרבעטער־קרײַזן. דאָ הערשט איצט אומבאַשטרײַטבאַר, בײַ די „פּאָסיביליסטן" ניט ווייניקער, ווי בײַ די „מאַרקסיסטן", די מאַרקסיסטישע טעאָריע. בלויז צווישן דער „ראַדיקאַלער" בורזשואַזיע טרעפן זיך נאָך פּרודאָניסטן.

ניט בעסער איז דאָס געווען מיט די בלאַנקיסטן. דערצויגענע אין דער שול פון פאַרשווערונגען, צוגעווּינטע צו זייער שטרענגער דיסציפּלין, האָבן זיי געהאַלטן, אַז אַ לעפּיערעך קליינע צאָל אַנטשלאָסענע, גוט אָרגאַניזירטע מענטשן קענען, בײַ אַ גינסטיקער

סיטואציע, ניט נאָר פארכאפנ די מאכט, נאָר אויכ אײַנהאלטנ זי מיט דער הילפ פונ ענערגישע אונ אנטשיידענע מיטלענ, ביזוואנענ איר וועט זיכ ניט אײַנגעבנ ארײַנצוציִענ אינ דער רעוואָליוציע די פאָלקס־מאסנ אונ צו גרופירנ זיי ארום דעם קליינעם הײַפעלע פירער. דערצו איז קוידעמקאָל נייטיק די שטרענגסטע דיקטאטאָרישע צענטראליזירונג פונ דער גאנצער מאכט אינ די הענט פונ דער נײַער רעוואָליוציאָנערער רעגירונג. איז וואָס האָט געטונ די קאָמונע, וואָס איז אינ איר מערהײַט באשטאנענ פונ אָט אזעלכע בלאנקיסטנ? אינ אלע אירע פראָקלאמאציעס צו די פראנצויזנ פונ דער פראָווינצ פלעגט זי אײַנלאדנ אלע פראנצויזישע קאָמונעס צו פארייניקנ זיכ אינ איינ פרײַער פעדעראציע מיט פאריז, צו פארייניקנ זיכ אינ איינ נאציאָנאלער אָרגאניזאציע, וועלכע זאָל ווירקלעכ צום ערשטנ מאָל געשאפנ ווערנ דורכ דער נאציע גופע. גראָד די אונטערדריקנדיקע קראפט פונ דער אלטער צענטראליזירטער רעגירונג, די ארמיי, פאָליטישע פאָליציי, די ביוראָקראטיע, וואָס נאפאָלעאָנ האָט געשאפנ אינ 1798־טנ יאָר אונ וואָס יעדע נײַע רעגירונג פלעגט דאָס גערנ איבערנעמענ אונ אויסנוצנ קעגנ אירע קעגנער, גראָד אָט די קראפט האָט געמוזט אומעטום פאלנ, פונקט ווי זי איז געפאלנ אינ פאריז.

די קאָמונע האָט גלײַכ פונ אָנהייב אָנ געמוזט אנערקענענ, אז דער ארבעטער־קלאס, דערגרייכנדיק צו דער מאכט, קענ ניט אויסנוצנ פאר זײַנע צילנ די אלטע מעלוכע־מאשינ; אז אָט דער ארבעטער־קלאס, אויב ער וויל ניט פארלירנ די נאָר־וואָס דעראָבערטע הערשאפט, מוז ער, פונ איינ זײַט, באזײַטיקנ דעם גאנצנ אונטערדריקערישנ מעכאניזמ, וואָס פלעגט ביז איצט אויסגענוצט ווערנ קעגנ אימ גופע, פונ דער אנדער זײַט, מוז ער זיכ זיכערנ קעגנ זײַנע אייגענע באפולמעכטיקטע אונ באאמטע דורכ דעמ, וואָס מ׳זאָל זיי קענענ אלעמענ, אָנ יעדנ אויסנאמ, אראָפּזעצנ אינ יעדנ מאָמענט. פונ וואָס איז באשטאנענ די אייגנארטיקײַט פונ דער ביז איצטיקער מעלוכע? קעדיי צו באזאָרגנ אירע אייגענע

אינטערעסנ, האָט זיכ די געזעלשאפט געשאפנ, לעכאטכילע דורכ איינפאכער ארבעט־צעטיילונג, באזונדערע אָרגאנענ. אָבער מיט דער צייט זיינענ דידאָזיקע אָרגאנענ אונ קוידעמקאָל די מעלוכע, דינענ־דיק זייערע אייגענע פריוואט־אינטערעסנ, פארוואנדלט געוואָרנ פונ דינער פאר דער געזעלשאפט, אינ אירע הארנ. אזא דערשיינונג קענ מענ זענ ניט נאָר אינ די ביערושעדיקע מאָנארכיעס, נאָר אויכ אינ די דעמאָקראטישע רעפובליקנ. אינ קיינ אָרט בילדנ ניט די „פאָלי־טיקער” קיינ מער אָפגעזונדערטנ אונ מעכטיקערנ טייל פונ דער גאנצער באפעלקערונג, ווי אינ צאָפנ־אמעריקע. דאָ ווערט יעדע פונ די צוויי גרויסע פארטייענ, צו וועלכע די מאכט גייט קעסיי־דער איבער פונ איינער צו דער צווייטער, פונ איר זייט, אָנגע־פירט דורכ מענטשנ, וואָס מאכנ פונ פאָליטיק א געשעפט, וואָס ספעקולירנ מיט די ערטער פונ די געזעצגעבערישע פארזאמלונגענ פונעמ פארבאנד אָדער פונ איינצלנע שטאטנ, אָדער לעבנ פונ אגיטאציע לעטויוועס זייער פארטיי אונ ווערנ באלוינט מיט שטע־לעס נאָכדעמ, ווי זייער פארטיי זיגט. עס איז באוווסט, ווי די אמעריקאנער פרווונ זיכ שוינ אינ מעשעכ פונ 30 יאָר אראָפצו־ווארפנ אָט דעמ אומדערטרעגלעכ־געוואָרענעמ יאָכ אונ ווי, ניט קוקנדיק אפ אלע זייערע אָנשטרענגונגענ, ווערנ זיי אלצ מער פארזונקענ אינ אָט דעמ זומפ פונ פארקויפלעכקייט. גראָד אינ אמעריקע קענענ מיר בעסער פונ אלצ זענ, ווי די מעלוכע ווערט אומאָפהענגיק פונ דער געזעלשאפט, וועמעס ווערקצייג זי האָט אייגנטלעכ געדארפט זיינ. דאָ איז ניט פאראנ קיינ דינאסטיע, קיינ אדל, קיינ שטענדיקע ארמיי, אכוצ דעמ הייפעלע סאָלדאטנ אפ אכטונג צו געבנ איבער די אינדיאנער, קיינ ביוראָקראטיע מיט געזיכערטע שטעלעס אָדער פענסיעס, אונ פונדעסטוועגנ האָבנ מיר דאָ צוויי גרויסע באנדעס פונ פאָליטישע ספעקוליאנטנ, וואָס בא־הערשנ איינע נאָכ דער אנדערער די מעלוכע־מאכט אונ עקספלו־אטירנ זי מיט די מיעסטע מיטלענ צוליב די מיעסטע צילנ. אונ דאָס פאָלק שטייט מאכטלאָז פאר אָט די צוויי גרויסע פאָליטיקער־

קאַרטעלן (פֿאַרבאַנדן), וואָס דינען, קלוימערשט, אים און אין דער ווירקלעכקייט הערשן זיי איבער אים און באַרויבן אים.

קעגן אָט דעם פֿאַרוואַנדלען די מלוכה און מלוכה־אָרגאַנען פֿון דינער פֿון דער געזעלשאַפֿט אין הערן איבער דער געזעלשאַפֿט, וועלכעס איז אומפֿאַרמײַדלעך אין אַלע ביז איצטיקע מלוכעס, האָט די קאָמונע אָנגענומען צוויי זיכערע מיטלען. ערשטנס, האָט זי אָוועקגעזעצט אַף אַלע שטעלעס,— אַדמיניסטראַטיווע, ריכטערישע, לערערשע,— מענטשן, וואָס זײַנען אויסגעקליבן געוואָרן דורך אַלגעמיינער אָפּשטימונג, — וואָס זײַנען פֿאַרינטערעסירט אינעם אויספֿירן דידאָזיקע היסכײַוועסן. דערבײַ האָבן די וויילער געהאַט דאָס רעכט צו יעדער צײַט אָפּצורופֿן זייערע אויסגעווײלטע. און, צווייטנס, פֿלעגן אַלע אָנגעשטעלטע פֿון דער קאָמונע, סײַ די העכערע, סײַ די נידעריקערע, באַקומען געהאַלט ניט קיין גרעסערן פֿונעם אַרבעט־לוין פֿון אַן אַרבעטער. דער גרעסטער געהאַלט, וועלכן זי פֿלעגט ביכלאַל צאָלן, איז געווען 6 טויזנט פֿראַנק. דורכדעם איז געמאַכט געוואָרן אַ סאָף צום קאַריעריזם און צום יאָגן זיך נאָך שטעלעס, אַפֿילע אָן דער הילף פֿון אימפּעראַטיווע מאַנדאַטן פֿאַר די אויסגעקליבענע אין די פֿאָרשטייערשאַפֿט־אָרגאַנען, וועלכע זײַנען שוין אייגנטלעך געווען איבעריק.

דידאָזיקע פֿאַרניכטונג פֿון דער אַלטער מלוכה־מאַכט און דאָס פֿאַרבײַטן זי דורך אַ נײַער, אַ געמעס דעמאָקראַטישער איז אויספֿירלעך געשילדערט אינעם דריטן אָפּשניט פֿונעם „בירגער־קריג". מיר האָבן אָבער געהאַלטן פֿאַר נייטיק נאָכאַמאָל בעקיצער אונטערצושטרײַכן דאָ אייניקע שטריכן פֿונעם דאָזיקן פּראָצעס, ווײַל גראָד אין דײַטשלאַנד איז דערדאָזיקער אָבערגלויבן אין דער מלוכה אַריבער פֿון דער פֿילאָסאָפֿיע אינעם אַלגעמיינעם באַוווּסטזײַן פֿון דער בורזשואַזיע און אַפֿילע פֿון פֿיל אַרבעטער. לויט דער פֿאָרשטעלונג פֿון דער פֿילאָסאָפֿיע איז די מלוכה די „פֿאַרווירקלעכונג פֿון דער אידייע", אָדער די איבערגעזעצטע אין דער פֿילאָסאָפֿישער שפּראַך „גאָטס מלוכה אַף דער ערד", אַ געביט,

ווי עס ווערט, אָדער ווי עס דארפ ווערנ פארווירקלעכט דער אייביקער עמעס אונ גערעכטיקײַט. פונדאנענ דרינגט ארויס דער אבערגלויבישער אָפּשײַ צו דער מעלוכע אונ צו אלצ, וואָס איז מיט איר פארבונדנ. דערדאָזיקער אָפּשײַ איז נאָכ באזונדערס שטארק, ווײַל די מענטשנ ווערנ פונ קינדווײַז אָנ צוגעוווינט צו מיינענ, אז מ׳קענ ניט פירנ די געזעלשאפטלעכע איניאָנים אונ פארטיידיקנ די אינטערעסנ פונ דער גאנצער געזעלשאפט אנדערש, ווי דאָס פלעגט געטונ ווערנ ביז איצט, ד. ה. דורכ דער הילפ פונ דער מעלוכע אונ פונ אירע גוט באצאָלטע באאמטע. אונ גאנצ אָפּט מיינט מענ, אז מע מאכט א גוואלדיק דרייסטנ שריט, ווענ מ׳זאָגט זיכ אָפּ פונעם גלויבנ אינ דער בירושעדיקער מאָנארכיע אונ מ׳ברענגט א שווע דער דעמאָקראטישער רעפובליק. אונ אינ דער ווירקלעכקײַט איז די מעלוכע ניט קיינ אנדער זאכ, ווי א מאשינ פאר דער אונטערדריקונג פונ איינ קלאס דורכ דעם צווייטנ, אונ צו א דעמאָקראטישער רעפובליק איז דאָס ניט ווייניקער שײַעכ, ווי צו א מאָנארכיע. אינ בעסטנ פאל איז דאָס (די מעלוכע) א בייז, וואָס דער פראָלעטאריאַט וועט באקומענ בירושע נאָכנ אָפּהאלטנ א זיג אינעם קאמפּ פאר קלאסנ־הערשאפט, אונ דעמ פראָלעטאריאַט וועט אויסקומענ, פונקט ווי דער קאָמונע, ארומצושנײַדנ, אפ וויפל עס וועט זײַנ מעגלעכ, די שלעכטע זײַטנ פונ דעמדאָזיקנ בייז, ביז דער נײַער דאָר, וואָס וועט אויסוואקסנ אינ א נײַער, פרײַער געזעלשאפטלעכער אָרדענונג, וועט זײַנ בעקויעכ ארויפצווארפנ דאָס גאנצע אלטווארג פונ וועלכע ניט איז מעלוכע־אנשטאלטנ.

די לעצטע צײַט פאלט ווידער אָנ אפנ דײַטשישנ פיליסטער א רעטונג־איימע בא די ווערטער „דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט״. איז ווילט איר וויסנ, איר הערנ, ווי זעט אויס דידאָזיקע דיקטא־טור, גיט א קוק אפ דער פאריזער קאָמונע, דאָס איז געווענ די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאַט.

לאָנדאָנ, אינ צוואנציקסטנ יאָרטאָג פונ דער פארי־
זער קאָמונע, דעמ 18-טנ מארט פונ 1891־טנ יאָר.

יו. סטעקלאָוו

# פאַריזער קאָמונע

...די פולשטענדיקע מאַפּאָלע פון דער פראַנצױ־זישער אַרמײ האָט געבראַכט צו דער רעוואָלוציע פון 4־טן סעפּטעמבער פון יאָר 1870. די אימפּעריע איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן, און ס'איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ רע־פּובליק (די דריטע). דער אינטערנאַציאָנאַל, אַלס אַזעלכער, האָט ניט געשפּילט קײן ערנסטע ראָל אין דער סעפּטעמבער־איבער־קערעניש. די רעוואָלוציע איז דורכגעמאַכט געוואָרן דורך די אַרבעטער און דורך דער קלײן־בורזשואַזיע. די אַרבעטער־אינטער־נאַציאָנאַליסטן האָבן אַפילו אויך גענומען אַ טעטיקן אָנטײל אין דער באַוועגונג, נאָר דאָס ראָוו פּאַריזער אַרבעטער האָט זיך געפונען אונטער דער ווירקונג פון די בלאַנקיסטן, וואָס זײַנען געווען געשטימט זײער פּאַטריאָטיש און קריגעריש: די אינטערנאַציאָנאַלי־סטישע גרופּע, האָבנדיק דעם באַוווסטזײַן פון איר שוואַכקײט, האָט ניט געשטרעבט אין יענעם מאָמענט צו אַ דירעקטער סאָציאַלער רעוואָלוציע. זי האָט נאָר געוואָלט אויסנוצן די סעפּטעמבער־איבערקערעניש און די פרײַהײַט, וואָס די דאָזיקע איבערקערעניש האָט געבראַכט, אַפּ צו פאַרשטאַרקן די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, באַהעפטן די קויכעס און פּלאַנמעסיק צוגרײטן די סאָציאַלע רעוואָלוציע. אַפּן אָרט פון עם לאָזונג פון אַן אויסער־לעכער מילכאָמע האָבן זײ געשטעלט דעם לאָזונג פון אַ בירגער־קריג קעגן דער אײגענער בורזשו־אַזיע, קעגן „די אינעווייניקסטע פרײַסן“, ווי מ'פלעגט דעמאָלט זאָגן. נאָר פונדעסטוועגן זײַנען ניט זײ געווען די סאַמע איניציי־אַטאָרישע און די סאַמע קאַמפּ־פעיִקע גרופּע, נאָר די בלאַנקיסטן, אָנהענגער פון אַ באַלדיקן אופשטאַנד, פון פאַרכאַפּן די מאַכט און

פראָקלאמירן א רעוואָליוציאָנערע קאָמונע, קעדיי ווייטער צו פירן דעם קאמף מיט די באצווינגער.

דימאכט האָט ווידער פארכאפט די בורזשואזיע. אפילע דאָס ראדיקאלע קלײנבירגערטום איז ניט געווען פאָרגע־שטעלט אין דער „רעגירונג פון נאציאָנאלער פארטיידיקונג", אויב מ׳זאָל ניט רעכענען דעם זשורנאליסט ראָשפאָר, וואָס איז גאָר־ניט געווען קיין פאָליטישער טוער און האָט ניט פאָרגעשטעלט קײנשום באשטימטע סאָציאלע גרופּע. דער רעגירונג איז קודעם־קאָל אויסגעקומען צו טראכטן וואָס גיכער ליקווידירן די מילכאָמע, די שלימאזלדיקע פאר פראנקרייך. זי איז גרייט געווען צו קויפן דעם שאָלעם פאר יעדן פרייז, קעדיי צו באפרייען זיך די הענט פארן קאמף מיטן אינעווייניקסטן סוינע, דאָס הייסט, מיטן פראָ־לעטאריאט. אָבער די עקסטע עלעמענטן פון דער פאריזער באפעלקערונג — ניט נאָר די קלײנבורזשואזיע, נאָר אויך די ארבע־טער — האָבן געוואָלט דורכויס ווייטער פירן די מילכאָמע, ביז די פרייסן וועלן ניט פולשטענדיק פארטריבן ווערן. אפ אָט דעם באָדן פון באליידיקטן פאטריאָטישן געפיל, וואָס איז בא די פאריזער ארבעטער געווען פארבונדן מיט זיכרוינעס וועגן דער ערשטער גרויסער רעוואָליוציע, האָט אָנגעהויבן אָנוואקסן א קאָנפליקט מיט דער הערשנדיקער בורזשואזיע, וועלכע האָט אפילע ניט געוואָלט הערן וועגן ווײ־טער פירן די מילכאָמע. נאָר אפן באָדן פון פאטריאָטישער אגיטאציע האָט דער פראָלעטאריאט מיטגעריסן מיט זיך די קלײנבורזשואזיע און האָט זי אונטערגעוואָרפן אונטער זיין פאָליטישער אָנפירונג (אגעוו, האָט ער מיט דעם אָפּגעשטויסן פון זיך דאָס פויערטום, וואָס האָט געוואָלט שאָלעם).

נאָך דער סענטיאבער־רעוואָליוציע האָבן די אינטערנאציאָנא־ליסטן פון פראנקרייך אנטוויקלט א פיבערהאפטיקע טעטיקייט קעדיי צו באהעפטן אלע זייערע קויכעס. דער פאריזער קאָמיטעט פונעם אינטערנאציאָנאל (דער פעדעראל־ראט) איז רעאָרגאניזירט געוואָרן.

ער האָט זיך געפּונען אַף דער גאַס לאַ־קאַרדערי. אין דעמזעלבן לאָקאַל האָט זיך געפּונען די פעדעראַל־קאַמער פון די אַרבעטער־געזעלשאַפטן, וואָס האָט זיך ניט אָנגעשלאָסן אינעם אינטערנאַציאָנאַל, וואָס האָט אָבער אין אַלע וויכטיקע פראַגן געהאַנדלט פאַר איינס מיט אים און וואָס האָט געציילט אין איר באַשטאַנד פיל אָנגעזעענע אינטערנאַציאָנאַליסטן. זײַענדיק אין פּאַריז, וואָס איז געווען באַלאַגערט פון די סאָנים, האָבן זיך דידאָזיקע אַלע אָרגאַניזאַציעס געשטיצט אַף דער אופגערעגטער באַוואָפנטער באַפעלקערונג, וואָס איז גרייט געווען אופצוהייבן דאָס געווער קעגן דער אינעווייניקסטער רעאַקציע, דאָס הייסט קעגן דער אייגענער בורזשואַזיע, און קעגן דער אויסנווייניקסטער רעאַקציע, דאָס הייסט קעגן די פּרײַסישע באַצווינגער, וואָס זײַנען געגאַנגען אונטער דער פאָן פון אַ האַלב־פעאָדאַלער מאָנאַרכיע. די בלאַנקיסטן, וואָס האָבן פאַרייניקט דעם עקסטן פּאַטריאָטיזם מיט דער עקסטער רעוואָליוציאָנערישקייט, האָבן טאַקע אויסגעדריקט די שטימונג פון דער מאַסע פון דער פּאַריזער באַפעלקערונג. קעדיי אַרויסצוווײַזן אַ ווידערשטאַנד אָט די ביידע רעאַקציעס, איז נייטיק געווען צו פאַרכאַפּן די מאַכט קוידעמקאָל אין דער הויפּטשטאָט, שאַפן דאָרט אַ רעוואָליוציאָנערע רעגירונג, אַ קאָמונע, און נאָך דער הויפּטשטאָט ווען, לויט דער פעסטער איבערצײַגונג פון די רעוואָליוציאָנערן, נאָכגיין אויך די פּראָווינץ, ווי דאָס פלעגט זײַן שטענדיק.

אַכוץ די אויבנאָנגעוויזענע רעוואָליוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, האָבן זיך בעיִס דער באַלאַגערונג געבילדעט אין די 20 קרײַזן פון פּאַריז „אופזיכטס־קאָמיטעטן“, וואָס האָבן פאָרגעשטעלט מיט זיך עטוואָס ענלעכס צו אונדזערע ראַיאָנישע רעוואָליוציאָנערע ראַטן, און וואָס זײַנען געווען ענג פאַרבונדן מיט דער מאַסע פון דער באַפעלקערונג פון די קוואַרטאַלן. דידאָזיקע קרײַז־קאָמי־טעטן זײַנען פאַרייניקט געוואָרן דורכן „צענטראַל־רעפּובליקאַנישן קאָמיטעט פון די 20 קרײַזן“, וואָס אין זײַן באַשטאַנד זײַנען

אריינ דעריקער מיטגלידער פונעמ אינטערנאציאָנאל (קאָמבאָ, קאמעלינא, דערער, פרענקעל, לעפראנסע, לאָנגאָ, מאלאָנ, פענדי, פאָטיע,[1] טייס, ווארלענ אונ אנד.). דערדאָזיקער קאָמיטעט האָט זיכ אויכ געפונענ אפ דער גאס לא־קאָרדערי. אפ אזא אויפנ האָט זיכ באקומענ א טאָפּאָגראפישע (לויטנ אָרט) אונ פער־סאָנאלע אוניע פונ די הויפט־עלעמענטנ, וואָס האָבנ דעמאָלט אָנגעפירט מיט דער באוועגונג פונעמ פאריזער פראָלעטאריאט, אונ דאָס האָט געזאָלט באדייטנדיק פארגרינגערנ די מייסימ פונ די רעוואָליוציאָנערנ.

דער לאָזונג פונ דער באוועגונג איז געווענ א קאָמונע, דאָס הייסט, דער פראָלעטאריאט זאָל פארכאפנ די מאכט אינ א גרויסנ שטאָטישנ צענטער, דעריקער אינ פאריז, אונ דערנאָכ א פאראייניקונג (פעדעראציע) פונ די רעוואָליוציאָנערע קאָמונעס, קעדיי אָפּצורייניקנ דאָס לאנד פונעמ סוינע אונ איבערצובויענ די געזעלשאפט אפ סאָציאַליסטישע יעסוידעס. דערביי האָט מענ געמיינט, אז דער ביישפיל פונ פראנקרייכ וועט צוגעבנ כיישעק אויכ די איבעריקע פעלקער, אזוי, אז אינגיכנ וועט אפ די כורוועס פונ דער בורזשואזער אָרדענונג געשאפנ ווערנ א פרייער אינטערנאציאָנאלער פארבאנד פונ אנ אלוועלטלעכער קאָמונע.

פרווונ צו פארווירקלעכנ דידאָזיקע פראָבלעמ, אויסנוצנדיק די לאגע, וואָס איז געשאפנ געוואָרנ דורכ דער מילכאָמע, פלעגנ אויסברעכנ דאָ אינ דעמ, דאָ אינ יענעמ ווינקל פונ פראנקרייכ. דער ערשטער פרווו אינ אזא גייסט איז דורכגעמאכט געוואָרנ דורכ באקונינענ אונ זיינע אָנהענגער אינ ליאָנ. לויט באקונינס פאָרשטעלונג, האָט א געלונגענער אויסגאנג פונעמ דאָזיקנ פרווו געזאָלט געבנ א סיגנאל צו א אינטערנאציאָנאלער רעוואָליוציע אינ אנארכיסטישנ

[1] דער צוקונפטיקער אוטער פונעמ פראָלעטארישנ הימנ „אינטערנאציאָנאל“.

גײַסט. דער פּלאַן איז באַשטאַנען אין דעם, אַז, אויסנוצנדיק די צערודערונג, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דער מילכאָמע, זאָל מען אָנהייבן אַ רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג אין פראַנקרײַך, איטאַליע, שפּאַניע און אין דער ראָמאַנישער שווייץ. אַ סאָציאַל־רעוואָליוציאָנערער אויפשטאַנד, וואָס איז געווענדעט קעגן די סאַמע יעסוידעס פון דער איצטיקער געזעלשאַפט און פון דער מעלוכע. אַן אויפשטאַנד, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט אים אָנגעהויבן און וואָס ווערט געשטיצט דורך דעם פּויערטום, איז, לויט באַקונינס מיינונג, געווען פעיִק ניט נאָר אַרויסצוטרײַבן די דײַטשישע באַצווינגער פון די פראַנצויזישע גרענעצן, נאָר אויך אָנצינדן די סרייפע פון דער סאָציאַלער רעוואָליוציע אין זייער אייגענעם לאַנד.

פאַר אַזאַ ציל איז די שטאָט ליאָן געווען אַמבעסטן צוגעפּאַסט. דאָס איז געווען די צווייטע לויט דער גרייס שטאָט פון פראַנקרײַך. צום אונטערשייד פון פּאַריז איז זי ניט געווען באַלאַגערט פונעם פײַנט. איר אַרבעטער־באַפעלקערונג האָט געהאַט רעוואָליוציאָנערע טראַדיציעס, איר שטימונג איז געווען אַן אויפגערעגטע, און די אינטערנאַציאָנאַליסטישע גרופּע איז געווען אַ גאַנץ היפּשע און ווירקונגספולע. פון 4־טן סעפּטעמבער האָט אין שטאָט געהאַנדלט אַ געמישטער „קאָמיטעט פאַר געזעלשאַפטלעכע רעטונג", וואָס איז באַשטאַנען פון בורזשואַזע רעפּובליקאַנער און פון אייניקע נאַציאָנאַליסטן. אינגיכן איז דער דאָזיקער קאָמיטעט פאַרביטן געוואָרן מיט אַן אויסגעקליבענעם מוניציפּאַליטעט, וואָס איז באַשטאַנען אין דער מערהײַט פון בורזשואַזע רעפּובליקאַנער, אָבער אין דער אַרבעטער־מאַסע איז פאָרגעקומען אַ פאַרשטיקטע יוירונג, כאָטש אָן אַ באַשטימטער סאָציאַליסטישער באַפאַרבונג. די באַקוניסטן האָבן באַשלאָסן אויסנוצן די דאָזיקע יוירונג, וואָס איז געווען געווענדעט קעגן דער הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע. דעם 15 סעפּטעמבער איז באַקונין אָנגעקומען פון שווייץ קיין ליאָן. אַפּן מיטינג פון 17 סעפּטעמבער איז באַשלאָסן געוואָרן צו

שאַפֿן אַ „צענטראַלן קאָמיטעט צו ראַטעווען פֿראַנקרײַך”, וווּהין עס איז אַרײַן אַ רײ ליאָנער באַקאַנטע (אַ רישאַר נ. בלאַן, פֿאַליקס און אַנד.) עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פּלאַן פֿון אַן אויפֿשטאַנד, וואָס איז באַשטימט געוואָרן אויפֿן 26 סעפּטעמבער, און עס איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן אַן אויפֿרוף, וואָס האָט רעקאָמענדירט טייקעף אָנצוווענדן אַ רײ אַנטשלאָסענע מיטלען, צווישן זיי די „אָפּשאַפֿונג פֿון דער מעלוכישער אַדמיניסטראַטיווער און רעגירונג־מאַשין” פֿון אַלע ציווילע און קרימינעלע געריכטן, די אָפּשאַפֿונג פֿון שטײַערן און היפּאָטעקעס, די אײַנאָרדענונג אין אַלע קאָמונעס, קאָמיטעטן פֿאַר געזעלשאַפֿטלעכע רעטונג, וואָס זייערע דעלעגאַטן האָבן זיך געזאָלט צונויפֿפֿאָרן קיין ליאָן און בילדן דאָרטן אַ „רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט צו ראַטעווען פֿראַנקרײַך”. אויסנוצנדיק די אומצופֿרידנקייט פֿון די אַרבעטער פֿון די נאַציאָנאַלע וואַרשטאַטן, וואָס דער ליאָנער שטאָט־ראַט האָט זיי פֿאַרקלענערט די סכירעס, האָט זיך די גרופּע סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָט זיך פֿאַראייניקט אַרום באַקונינען, אַרײַנגעריסן דעם 28־טן סעפּטעמבער אין ראַט־הויז. דער „צענטראַל־קאָמיטעט צו ראַטעווען פֿראַנקרײַך”, וואָס האָט פֿאַרנומען דאָס אָרט פֿונעם בורזשואַזן מוניציפּאַליטעט, איז צוגעטראָטן צונויפֿצושטעלן אַ רײ דעקרעטן, נאָר אים איז ניט געקומען אין קאָפּ אָנצונעמען קיינשום ערנסטע מיטלען אויף אָפּצונעמען בײַ דער אַראָפּגעוואָרפֿענער מאַכט די מעגלעכקייט צו ברענגען שאָדן און אויף צו פֿאַרפֿעסטיקן זײַן אייגענע מאַכט. די פֿריערדיקע מאַכט, אָבער, איבערגעלאָזטע אויף דער פֿרײַהייט, האָט צונויפֿגעקליבן די באַטאַליאָנען פֿון דער בורזשואַזער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, אָן שום ווידערשטאַנד אָפּגענומען צוריק דאָס ראַטהויז און האָט גיך אויפֿגעשטעלט די פֿריערדיקע אָרדענונג. באַקונינען האָט זיך קוים אײַנגעגעבן צו ראַטעווען זיך.

דער ליאָנער פּרוּוו איז געווען אַ ביסל פּריצײַטיק און ער האָט זיך נאָך ניט געשטיצט אויפֿן מיטגעפֿיל און אַקטיווער הילף פֿון

די מאסנ, וואָס האָבנ ניט באוויזנ צו אנטוישנ זיכ אינ דער רע־
גירונג פונ דער נאציאָנאלער פארטײדיקונג. ביסלעכווײַז פארשפרײט
זיכ אלצ מער צווישנ די ארבעטער די רעוואָליוציאָנערע שטימונג,
אונ אינ צוזאמענהאנג מיט דעמ ווערנ אינ א דרײ פראָ־
ווינציעלע שטעט געמאכט פרוווּנ אומצוּוואלגערנ
די בורזשואזע מאכט, פרוווּנ, אינ וועלכע די אינטערנאציאָ־
נאליסטנ שפּילנ אנ אקטיווע ראָל. אינ ברעסט האָבנ זײ גע־
שאפנ א „קאָמיטעט פאר אופזיכט אונ נאציאָנאלער פארטײדיקונג",
אונ דעמ 2־טנ אָקטיאבער האָבנ זײ געפּרוּווט צו פארכאפנ דאָס
ראטהויז אונ ארויסצורופנ א באוואָפנטנ אופשטאנד. אינ מאר־
סעל, א גרויסנ יאמ־פּאָרט, ווו די אופרודערונג איז געווענ א
טיפערע, האָט זיכ די ארבעטער אײַנגעגעבנ צו באהערשנ דעמ
31־טנ אָקטיאבער דאָס ראטהויז אונ צו פּראָקלאמירנ א רעוואָ־
ליוציאָנערע קאָמונע; נאָר זײ האָבנ זיכ ניט געקאָנט אײַנהאלטנ
דאָרטנ, אונ די באוועגונג איז דערשטיקט געוואָרנ דעמ 4 נאָיאבער.
אינ דעמ אײביק אומרויִקנ ליאָנ איז דעמ 4־טנ נאָיאבער
געמאכט געוואָרנ א נײַער אומגעלונגענער פּרווו צו דערקלערנ
א רעוואָליוציאָנערע קאָמונע. דעמ 20־טנ דעקאבער זײַנענ דאָרט
ווידער פאָרגעקומענ פאָלקס־אומאָרדענונגענ, וואָס האָבנ געפירט
צו דעמ, אז די בורזשואזיע האָט אָנגעווענדעט טעראָר קעגנ די
ארבעטער. די דאָזיקע טײלווײַזע פּרוּוונ האָבנ אויס־
געשעפּט די ענערגיע פונעמ פּראָווינציעלנ פּראָ־
לעטאריאט, אזוי, אז צומ מאָמענט, ווענ ס'איז
פּראָקלאמירט געוואָרנ די קאָמונע אינ פּאריז,
איז ער געווענ אומפעיִק אונטערצוהאלטנ זי מיט
אנטשלאָסענע מיטלענ. עמעס, בעתס עס האָט זיכ באקומענ
די ידיעה וועגנ דער רעוואָליוציע פונ 18 מארט 1871 יאָר, זײַנענ
אינ א רײ פּראָווינציעלע שטעט פאָרגעקומענ אופשטאנדנ צו פארכאפנ
די מאכט אונ אונטערצוהאלטנ די פּאריזער. אזוי זײַנענ אינ ליאָנ אינ
דער נאכט פונ 22־טנ אופ 23־טנ מארט, אינ סענט־עטיענ, באָרדאָ,

מארסעל דעמ 25־טנ מארט, אינ נארבאָנע, קרעזאָ א. אז. וו. געמאכט געוואָרנ פרווונ צו גרינדנ רעוואָליוציאָנערע קאָמונעס, נאָר זיי זײַנענ אלע גיכ דערשטיקט געוואָרנ דורכ דער בורזשואזיע אונ האָבנ קיינשומ הילפ ניט געבראכט פאריז. דער לעצטער אופשטאנד איז פאָרגעקומענ אינ ליאָנ דעמ 20־טנ אפרעל 1871 י.

דער הויפט־שלאכט צווישנ דעמ פראָלעטאריאט אונ דער בורזשואזיע האָט זיכ געזאָלט אָפשפילנ אינ פאריז. איצט זײַנענ די פאריזער ארבעטער, וואָס זײַנענ בעיס דער באלאגערונג גערופנ געוואָרנ אינ דער נאציאָנאלער גווארדיע, געווענ באוואָפנט. די רעגירונג, וואָס איז באשטאנענ פונ פאָרשטייער פונ דער רעאקציאָנערער בורזשואזיע, האָט אפילע ניט געטראכט ארויסצווײַזנ די פרײַסנ אנ ערנסטנ ווידערשטאנד. דאָס האָט ארויסגערופנ א פארביטערונג בא די ארבעטער אונ בא דער קליינבורזשואזיע, וואָס האָבנ געשריענ וועגנ פאראט אונ געפאָדערט א מער ענערגישע רעגירונג. דעמ 31־טנ אָקטיאבער, ווענ עס האָט זיכ באקומענ די ידיעה וועגנ דער קאפיטולירונג פונ מעצ אונ כונ דער גאנצער באזענס ארמיי, זײַנענ אינ פאריז אויסגעבראָכנ אומאָרדענונגענ. פלוראנס האָט זיכ מיט זײַנע בעלווילערע[1] שיסער ארײַנגעריסנ אינ ראט־הויז, האָט דערקלערט די מיטגלידער פונ דער רעגירונג ארעסטירט אונ האָט פאָרגעלייגט אײַנצוואָרדענענ א קאָמיטעט פאר געזעלשאפטלעכער רעטונג מיט בלאנקי בעראָש. עס האָט זיכ איבערגעכאזערט די ליאָנער געשיכטע. די מאסע האָט ניט אונטערגעהאלטנ די רעוואָליוציאָנערנ. די לעצטע האָבנ ארויסגעוויזנ א פולשטענדיקע אומפעיקײַט אונ ניט־אָרגאניזירטקײַט, אונ די רעגירונג האָט גיכ ווידער אופגעשטעלט די נריערדיקע לאגע. ווענ די רעגירונג האָט באשלאָסנ אָפגעבנ די דײַטשנ פאריז, איז דעמ 21-טנ יאנואר 1871־טנ יאָר געמאכט

---

1) בעלוויל איז אנ ארבעטער־קרײַז פונ מיזרעכ־פאריז, וואָס איז באוווסט מיט דער רעוואָליוציאָנערקײַט פונ זײַנ באפעלקערונג.

געוואָרנ א נײַער פּרווו צו פּראָקלאמירנ א קאָמונע. נאָר אויכ דעררעאָזיקער פּרווו, וואָס איז געמאכט געוואָרנ ניט דורכ דער מאסע, נאָר דורכ עטלעכע היציקע קעפּ מיט ראול ריגאָ בעראָש, האָט זיכ פארענדיקט פּונקט אזוי רעזולטאטלאָז, ווי דער ערשטער. באַם אָפּגעבנ פּאריז די פּרײַסנ, וואָס האָבנ, לויט דעמ אָפּמאכ, געמעגט פארנעמענ א טייל שטאָט, האָט די רעגירונג צוליב א מעשונעדיקער „צעטראָגנקײַט" פארגעסנ אינ יענעמ טייל פּונ דער הויפּט־שטאָט, וואָס האָט געזאָלט אָקופּירט ווערנ, 400 הארמאטנ פּונ דער נאציאָנאלער גווארדיע, מיטנ כעשבנ, אז די דײַטשנ וועלנ צונעמענ דידאָזיקע הארמאטנ אונ וועלנ אָפּ אזא אויפנ מיטהעלפנ דער אנטוואָפענונג פּונ די פּאריזער ארבעטער, פאר וועלכע די בורזשואזיע האָט מער מוירע געהאט, ווי פאר די דײַטשנ. נאָר די באטאליאָנענ פּונ דער נאציאָנאלער גווארדיע, וואָס האָבנ באמערקט דעמדאָזיקנ „טאָעס", האָבנ באַוויזנ ארויסצופירנ די הארמאטנ פּונעמ געפערלעכנ אָרט אונ אוועקצושטעלנ זיי אינ פארשיידענע קווארטאלנ פּונ פּאריז, בעסויכאָמ אויכ אפּ די הויפנ פּונ מאָנמארטר.

די וואלנ אינ דער נאציאָנאלער פארזאמלונג, וואָס איז אינ טאָכ גענומענ געוואָרנ א גרינדונג-פאַרזאמלונג, ווײַל זי האָט געדארפט באשליסנ די פראגע וועגנ דער פארוואלטונג־פאָרמ, האָט זיכ געענדיקט מיט א ניצאָכנ פּונ די מאָנארכיסטישע פארטייענ. דאָס פּויערטומ, וואָס האָט דורכויס געוואָלט שאָלעמ, האָט מאסנווײַז געשטימט פאר די רעאקציאָנערנ, וואָס פּלעגנ זיכ ארויסזאָגנ קעגנ דער פאָרזעצונג פּונ דער מילכאָמע. די רעוואָליוציאָנערנ, וואָס פּלעגנ ארויסטרעטנ אינ דער ראָל פּונ עקסטעפּאטריאָטנ, האָבנ ניט ווילנדיק געבראכט נוצנ דער ערגסטער רעאקציע, ווײַל זיי האָבנ אָפּגעוואָרפּנ דאָס פּויערטומ אינעמ לאגער פּונ זייערע סאמע אומבעשאָלעמדיקע סאָנימ. די פארזאמלונג, וואָס איז זיכ צונויפגעפאָרנ קיינ באָרדאָ אונ וואָס האָט באקומענ דעמ פאראכטנדיקנ נאָמענ

„דאָרפס־לײַט" (אײנעמ זײַנ פונ א פּריצישער באנדע) איז געװענ דורכגעדרונגענ מיט א ברענענדיקנ האס צומ מױרדישנ פּאריז און האָט נאָר געזוכט א געלעגנהײַט צו דערקלערנ מילכאָמע דעמ פּראָלעטאריאט פונ דער הױפּט־שטאָט. קעדײ זיכערער פּארטיק צו װערנ מיט אָט דער אױפגאבע, האָט זיכ די פארזאמלונג אריבערגע־קליבנ קײנ װערסאל, װאָס געפינט זיכ א מעהאלעכ פונ 15 קילאָמעטער פונ דער הױפּט־שטאָט. די פארזאמלונג האָט, איבערלאָזנדיק אָפּנ די פראגע װעגנ דער אנערקענונג פונ דער רעפּובליק, באשטימט טיערנ פארנ „הױפּט פונ דער אױספיר־מאכט". אפ אזא אופנ איז אָט דעמ בלוטדורשטיקנ זאָקנ, לױי פיליפּס געװעזענעמ מיניסטער, װאָס האָט געהאסט די ארבעטער אונ האָט אינ א מעשעכ פונ פיל יאָרנ פארגאָסנ זײער בלוט, איבערגעגעבנ געװאָרנ נאָכאמאָל אױס־צוזאפּנ דאָס בלוט פונעמ פּראָלעטאריאט. נאָר צוליבדעמ האָט מענ דעמ פּראָלעטאריאט קױדעמקאָל געמוזט אנטװאָפענענ. די בורזשואזיע האָט ניט געקענט רויִק שלאָפנ, קאָלזמאנ אינ די הענט פונ די ארבעטער זײַנענ געװענ ביקסנ אונ דעריקער הארמאטנ.

גלײַכ פונעמ ערשטנ מאָמענט האָבנ די פּאריזער ארבעטער דערפילט, אז די פּריציש־בורזשואזע פארזאמלונג שטעלט פאָר א טױט־סאקאָנע ניט נאָר פאר זײערע סאָציאלע, נאָר אױכ פאר זײערע פּאָליטישע שטרעבונגענ. קײנשומ אכטונג צו „דעמאָקרא־טישע" אָפּגעטער האָבנ זײ ניט געפילט, דעמ װילנ פונעמ „גאנצנ פאָלק", „באשלוסנ פונ אלגעמײנער אָפּשטימונג" האָבנ זײ לאכלוטנ ניט געהאלטנ פאר אָבליגאטאָריש אונ הײליק פאר זיכ. דעמ אװטאָריטעט פונ דער גרינדונג־פארזאמלונג האָבנ זײ אױכ ניט אנערקענט. אײנער פונ זײערע ערשטע געדאנקענ איז געװענ דער געדאנק װעגנ פאנאנדערטרײַבנ דידאָזיקע פארזאמלונג. בלאנקי איז בעראָש פונ א גרופּע אמערסטנ אנטשלאָסענע רעװאָליוציאָנערנ געפאָרנ מיט דעמ צװעק קײנ באָרדאָ. נאָר ער איז ארעסטירט געװאָרנ אונ איז אפ דער סאמע הײסער צײַט ארױסגעריסנ געװאָרנ פונעמ קאמפּ. די קאָמונע

האָט באַצײַטנס פאַרלאָרנ איר בעסטנ מויעכ. ניט קוקנדיק אפ אלע האָפענונגענ, וואָס זײַנענ נאָכ דעמאָלט געווענ פארבונדנ מיטנ אלגעמיינעמ וואלרעכט, האָט דער סטאטוט פונ דער „רעפובליקאנישער פעדעראציע פונ דער נאציאָנאלער גווארדיע" געשטעלט די רעפובליק העכער פונ דער אלגעמיינער אָפשטימונג. דאָרט איז געזאָגט געוואָרנ אז „די רעפובליק, וואָס איז די איינציקע רעגירונג פונ רעכט אונ גערעכטיקײַט, קענ ניט געשטעלט ווערנ אפ אלגעמיינער אָפשטימונג, וואָס איז אליינ אירער א רעזולטאט". אונ שפעטער, ווענ זיי זײַנענ ארײַנגעטראָטנ אינ אנ אָפענעמ קאָנפליקט מיט דער נאציאָנאלער פארזאמלונג, האָבנ זיכ די פאריזער ארבעטער אבסאָליוט ניט באומרויִקט מיקויעכ דעמ, וואָס, לויט דער קאָנסטיטוציאָנעלער פיקציע, ווערט זי אנערקענט פאר אנ אויסדריקער פונעמ „ווילנ פונ דער נאציע", פאר אנ „אויסדערווײלטנ דורכ דער אלגעמיינער אָפשטימונג".

די פעדעראציע פונ דער נאציאָנאלער גווארדיע איז געווענ אנ אָרגאניזאציע, וואָס איז געשאפנ געוואָרנ נעבנ דעמ קאָמיטעט פונעמ אינטערנאציאָנאל אונ דער פעדעראציע פונ די סינדיקאלע קאמערנ. די פארזאמלונג פונ די פריצימ אינ באָרדאָ האָט מיט איר רעאקציאָנערער פאָליטיק געצוווּנגענ די קליינבורזשואזיע פונ דער הויפט־שטאָט צו פאראייניקנ זיכ ענדגילטיק מיט די ארבעטער. אונ דער רעזולטאט פונ דערדאָזיקער דערנענטערונג איז געווענ די פאראייניקונג פונ דער נאציאָנאלער גווארדיע, אינ וועלכער עס זײַנענ געווענ פאראייניקט די פראָלעטאריער אונ די קליינבירגער. נאָכ צומ סאָפ יאנוואר האָט זיכ פונ אירע רייענ ארויסגערוקט אנ עטוואָס זעלבסטבאשטימטער צענטראל־קאָמיטעט, וואָס האָט גענומענ אפ זיכ די אופגאבע צו באַהעפטנ אלע רעוואָליוציאָנערע קויכעס פונ דער נאציאָנאלער גווארדיע. ווענ די רעגירונג האָט באשטימט פאר א קאָמאנדיר פונ דער נאציאָנאלער גווארדיע דעמ באָנאפארטיסטישנ גענעראל אדעל־דע־פאלאדינ, האָט דער צענטראל־קאָמיטעט

אײַנגעלאדנ אלע באטאליאָנענ פונ דער נאציאָנאלער גוואַרדיע און די מיליטערישע קאָמיטעטנ, וואָס האָבנ זיכ אויסגעבילדעט אינ פאריז, אויסצוקלײַבנ דעלעגאטנ אפ צו בילדנ אנ ענדגילטיקנ צענטראל־קאָמיטעט. דעמ 13־טנ מארט האָבנ זיכ פארזאמלט אָט די דעלעגאטנ פונ 215 באטאליאָנענ (פונ דער אלגעמיינער צאָל 270) אונ האָבנ געבילדעט עטוואָס ענלעכס צו א ראט פונ סאָלדאטנ־דעפוטאטנ, וואָס האָט געשפילט אינ דער געשיכטע פונ דער קאָמונע א גרויסע ראָל.

די רעגירונג האָט געזעענ, אז עס גייט צו א צוזאמענשטויס צווישנ די ארבעטער מיט דער בורזשואזיע. עטלעכע מאָל האָט זי זיכ געפרווט צו אנטוואָפענענ די נאציאָנאלע גוואַרדיע, אונ אינ דעמ האָבנ איר געהאָלפנ, אפ וויפל ס'איז נאָר געווענ אינ זייערע קוי־כעס, פשאָרעמאכער פונ דער מיטעלער בורזשואזיע, ווי אשטייגער קלעמאנסאָ [1]. די אומגעדולדיקע בירזשע־לײַט האָבנ אונטערגעהעצט טיערנ צו מער ענערגישע מײַסים, ווײַל די אײַנשטעלונג פונ „אָרדענונג“ איז זיי געווענ נייטיק פאַר זייערע פינאנציעלע שווינדלערײַענ. אונ א בורזשואזע אָרדענונג איז אנ אומעגלעכע זאכ, קאָלזמאנ די ארבעטער האָבנ הארמאטנ אונ ביקסנ. דעריבער האָט טיער באשלאָסנ אָפצונעמענ מיט גוואלד די הארמאטנ בא די פאריזער אײַנוווינער, אונ נאָכדעמ וואָלט שוינ ביכלאל ניט שווער געווענ צו אנטוואָפענענ זיי אונ מיט גוואלד זיי אײַנשטילנ.

באגינענ דעמ 18־טנ מארט זײַנענ 3 טויזנט סאָלדאטנ אונטער דער קאָמאנדע פונ דרײַ גענעראלנ, בעסויכאָמ אויכ לעקאָנטנ, שטיל ארופ אפ דער הייכונג מאָנמארטר, אונ אָנקומענדיק אומגעריכטערהייט פאַר דער וואכ, האָבנ זיי פארכאפט די הארמאטנ, וואָס זײַנענ דאָ געשטאנענ. נאָר עס האָט זיכ גיכ צונויפגעקליבנ א האמוינ, וואָס צווישנ אימ זײַנענ געווענ פרויענ, האָט ארומגערינגלט די

1) דער צוקינפטיקער פירער פונ די ראדיקאלנ אונ דערנאָכ מיניסטער בעייס דער לעצטער אימפעריאליסטישער מילכאָמע, א האסער פונ סאָציאליסטנ אונ א פארביסענער טוינע פונ ראטנפארבאנד.

סאָלדאטנ און האָט זיי אײַנגערעדט ניט צו שיסנ אינ פאָלק. די סאָלדאטנ האָבנ זיכ געברידערט מיטנ פאָלק און האָבנ דאָ אפּנ אָרט דערשאָסנ לעקאָנטנ און א צווייטנ גענעראל, קלעמאנ טאָמא, וואָס איז ארומגעגאנגענ צווישנ דעם האמוינ און האָט נאָטירט אינ זײַנ נאָטיצ־ביכל. אזוי האָט זיכ אָנגעהויבנ די פאריזער קאָמונע.

צי האָט די קאָמונע געהאט א גענויע און קלאָרע פּראָגראם? צי איז אָט די באוועגונג געווענ א באשטימטע לויט איר באשטאנד? דאָס קענ מענ ניט זאָגנ [1]. די קאָמוניסטשע באוועגונג איז געווענ זייער אנ אומבאשטימטע און געמישטע לויט אירע צילנ און לויט דעם באשטאנד פונ אירע אָנטיילנעמער. דאָ האָט געווירקט דער סטיכישער פּראָטעסט פונ דער מאסע פונ דער פאריזער באפעלקערונג, וואָס איז געווענ אויסגעמאטערט פונ דער מילכאָמע און פונ דער באלאגערונג פונ פּאריז, א פּראָטעסט, וואָס האָט פאראייניקט אלע גרופּנ פונ די אָרעמע שיכטנ. דער געפיל פונ באליידיקטנ פּאטריאָטיזמ צוליב דער מאפּאָלע, וואָס פראנקרײַכ האָט געכאפּט, און די איבערצײַגונג אינעמ פאראט פונ דער רעגירונג פונ נאציאָנאלער פארטיידיקונג, וואָס האָט פאָרגעשטעלט די אינטערעסנ פונ דער גרויסער בורזשואזיע, האָט באהעפט איינעמ דעמ פּראָלעטאריאט און די קליינבורזשואזיע פונ דער הויפּט־שטאָט.

[1] דאָס וואָרט „קאָמונע" טאָר מענ בעשומויפנ ניט צונויפמישנ מיטנ וואָרט „קאָמוניזמ". דאָס זײַנענ צוויי גאנצ פארשיידענע ווערטער, וואָס האָבנ פּאָשעט א געמיינזאמענ שוירעש אינ דער פראנצויזישער, לאטייניזשער און ביכלאל ראָמאנישע שפּראכנ. קאָמונע באטײַט א געמיינדע, א דאָרף, א שטאָט, און אינ פיגוראלנ זינ — א דאָרפישע אָדער שטאָטישע פארוואלטונג. קאָמונאר, קאָמונאליסט באטײַט אנ אָנהענגער פונ א קאָמונע, אלס פּאָלקס־רעגירונג, נאָר ניט אומבאדינגט א קאָמוניסט. א טייל פונ די קאָמונארנ זײַנענ געווענ קאָמוניסטנ, נאָר ווײַט ניט אלע. צווישנ די קאָמונארנ זײַנענ געווענ אי פּרודאָניסטנ, אי בלאנקיסטנ, אי אנארכיסטנ, אי אפילע בורזשואזע ראדיקאלנ, ערלעכע און אויסגעהאלטענע דעמאָקראטנ, ווי אשטייגער, דעלעקליוז. די קאָמונארנ האָבנ אויכ געהייסנ „פעדעראליסטנ", ווײַל זיי זײַנענ געווענ פאר א פעדעראציע (פרײַענ פארבאנד) פונ רעוואָליוציאָנערע קאָמונעס.

אין דער אייגענער ריכטונג האָט אויך געווירקט דער אומצוטרוי פון דער רעפּובליקאַנישׂ געשטימטער באַפעלקערונג פון פּאַריז צו דער נאַציאָנאַלער פאַרזאַמלונג אין באָרדאָ, און דערנאָך אין ווערסאַל, וואָס איז באַשטאַנען דעריקער פון מאָנאַרכיסטן. די אומקלאָרע שטרעבונג פון דער אַרבעטער־מאַסע צו סאָציאַלער באַפרייונג, וואָס האָט זיך, עמעס, ניט אויסגעגאָסן אין אַ באַשטימטער פּראָגראַם, איז געווען איינער פון די הויפּט־פאַקטאָרן, וואָס האָבן געשטויסן די אַרבעטער צו גרינדן אַ קאָמונע, וואָס האָט זיך זיי פאָרגעשטעלט אַלס אַן אַרבעטער־רעגירונג, וואָס איז באַרופן איינצושטעלן די יעסוידעס פון סאָציאַלער גערעכטיקייט. דער פּראָלעטאַריאַט איז געווען די איקערדיקע באַוועגנדיקע און קאַמפּס־קראַפט פון דער קאָמונע. נאָר ער איז, לעכאָלאַפּאָכעס די ערשטע צייט, אונטערגעהאַלטן געוואָרן פון דער קליינבורזשואַזיע, וואָס האָט געהאַט אירע באַזונדערע גרונדן צו האַסן די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג. דער אָפּזאָג פון דער לעצטער אָפּצולייגן דאָס איינצאָלן דירע־געלט פאַר דער באַלאַגערונג־צייט און די צאָלונגען אָפּ וועקסלען האָט געשטעלט פאַר דער קליינבורזשואַזיע די אומפאַרמיידלעכע סאַקאָנע פון פאַראָרעמונג און האָט זי דורך דעם געשטויסן צו אַ בונד מיטן פּראָלעטאַריאַט.

דער דאָזיקער בונד באַדינגט די שטאַרקע און די שוואַכע זייטן פון דער קאָמונע. אויב פון איין זייט זיינען איצט די קליינבורזשואַ דאָס ערשטע מאָל געגאַנגען אין שלאַכט קעגן דער גרויס־בורזשואַזיע אונטער דער אָנפירונג פון פּראָלעטאַריער, האָט, פון דער אַנדער זייט, די צוגויפמישונג פון ביידע עלעמענטן אין דער געמיינזאַמער באַוועגונג געשטערט דעם פּראָלעטאַריאַט אַרויסצורוקן זיין שטאַנדפּונקט און טעטיקייט־פּלאַן. דער אָנטייל פון דער קליינבורזשואַזיע אין דער רעוואָלוציע און אין דעם פאַרוואַלטן מיט דער

קאָמונע האָט געשטערט דעמ פּראָלעטאריאט אײַנ־צושטעלנ גלײַכ זײַנ ריינ קלאסנדיקע דיקטאטור, וואָס נאָר זי האָט געקאָנט ראטעווענ די לאגע. דער בונד צווישנ זיי האָט פונ פּאָרויס באשטימט די פאָרמע פונ דער באַוועגונג — די קאָמונע, דאָס הייסט א שטאָט־דומע, וואָס ווערט אויס־געקליבנ אפנ יעסאָד פונ אלגעמיינעמ וואלרעכט דורכ אלע גרופּנ פונ דער באפעלקערונג, און, הייסט עס, אויכ דורכ דער בורזשואזיע. עמעס, די בורזשואזע מיטגלידער פונ דער קאָמונע זײַנענ סאָפּקאָלסאָפ ארויס פונ איר, אזוי אז דורכנ גאנג גופע פונ די געשעענישנ איז זי פארוואנדלט געוואָרנ אינ אנ אויסשליסלעכער פאָרשטייערשאפט פונעמ ארבעטער־קלאס. נאָר דאָס איז פאָרגע־קומענ שוינ נאָכדעמ, ווי דידאָזיקע פאָרשטייער פונעמ פּײַנטלעכנ קלאס האָט זיכ אײַנגעגעבנ אפ א גאנצנ כוידעש צו פאראליזירנ די טעטיקײַט פונ דער קאָמונע אונ צו שטערנ איר צוגרייטנ זיכ אפ אָפּצור־שלאָגנ די ווערסאלער. אויסנוצנדיק דידאָזיקע הערנ, האָט טיער טכילעס געפירט צווייעסדיקע אונטערהאנדלונגענ מיט די פאריזער, קאָלזמאנ ער האָט געזאמלט קויכעס, נאָר ער האָט גלײַכ איבערגעריסנ דידאָזיקע אונטערהאנדלונגענ, ווי נאָר ער האָט אָנגעזאמלט גענוג קויכעס אפ אײַנצונעמענ די הויפּט־שטאָט.

אויב דערבײַ וואָלט צו די דינסטנ פונעמ פּראָלעטאריאט עקזי־סטירט אנ אָרגאניזירטע, א באוווסטזיניקע קאָמוניסטישע פארטיי, וואָלט זיכ אײַנגעגעבנ צו פאראליזירנ אינ א באדײַטנדיקער מאָס די נעגאטיווע זײַטנ פונעמ בונד מיט דער קליינבורזשואזיע. נאָר דאָס איז דאָכ דער אומגליק, וואָס אזא פארטיי איז ניט געווענ. אינ יענער צײַט האָבנ אינ פאריז עקזיסטירט עטלעכע אָרגאניזאציעס, נאָר קיינ איינע פונ זיי האָט ניט געהאט ניט קיינ באשטימטע פּראָגראמ, ניט קיינ פולשטענדיק אויסגעארבעטנ טעטיקײַט־פּלאנ. די איינציקע גרופּע, וואָס וואָלט געקענט פּרע־טענדירנ אפ אזא ראָל, איז געווענ די סעקציע פונעמ אינטער־

נאציאָנאַל, נאָר זי איז געווען שוואַך, האָט ניט געהאַט קיין ברייטע ווירקונג אויף די מאַסן און האָט אַגעוו אויך ניט געהאַט קיין פּראָגראַם, וואָס זאָל אַנטשפּרעכן דעם מאָמענט, ניט קיין פּלאַן פון די פאָרשטייענדיקע סעקציעס. אין די געשעענישן, וואָס האָבן צוגעגרייט די רעוואָלוציע פון 18־טן מאַרט, האָבן די מיטגלידער פונעם אינטערנאַציאָנאַל געשפּילט אַן אומבאַדײַטנדיקע ראָל. אויף וויפל די אַרבעטער האָבן גענומען אַן אָנטייל אין אַקטיווע אַרויסטרעטונגען מיט אַ רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער, האָבן זיי געהאַנדלט דערהויפּט אונטער דער ווירקונג פון די בלאַנקיסטן, דאָס הייסט פון רעוואָליוציאָנערן פון דער אַלטער שול, וואָס זײַנען געווען טיף איבערגעגעבן דעם אייניקן פונעם אַרבעטער־קלאַס, וואָס האָבן זיך אָבער ניט פאַנאַנדערגעקליבן אין די נײַע באַדינגונגען פון דער באַוועגונג פונעם מאָדערנעם פּראָלעטאַריאַט. צווישן די פּאַריזער אַרבעטער זײַנען אויך געווען פּרודאָניסטן. עס זײַנען אויך געווען באַקוניסטן, דאָס הייסט, אָנהענגער פונעם אַנאַרכיסטישן פליגל פונעם אינטערנאַציאָנאַל. אָבער די מאַסע פון די פּראָווינציעלע אינטערנאַציאָנאַליסטן, האָגאָם זי האָט געגלויבט אין דער לעפּערעכדיקער נאָענטקייט פון דער סאָציאַלער רעוואָ־ליוציע, האָט זיך פונדעסטוועגן געקליבן צו מאַרנעמען זיך אינעם נאָענטסטן פּעריאָד מיט דער פּלאַנמעסיקער אַנטוויקלונג פון דער קלאַסן־אָרגאַניזאַציע פונעם פּראָלעטאַריאַט, קעדיי צוגרייטן דעם אַרבעטער-קלאַס צום פאָרשטייענדיקן סאָציאַלן קאַמף. זי האָט אָבער ניט געשטרעבט צום אומיטלבארן פאַרכאַפּן די מאַכט. די געשיכטע האָט זיי פאַר דעם קיין צײַט ניט געגעבן, און צום מאָמענט, ווען ס'איז אויפגעקומען די קאָמונע, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זײַנען ניט צוגעגרייט אָנצופירן מיט די אויפגעשטאַנענע אַרבעטער.

פאַר די בלאַנקיסטן, וואָס האָבן געשפּילט אַן אַסאַך מער אַק־טיווע ראָל אין דער צוגרייטונג פון דער קאָמונע און האָבן בכלל אַרויסגעוויזן מער ענערגיע, זײַנען די געשעענישן אויך געקומען, אין טאָג גענומען, אומגעריכטערהייט, און אויך זיי זײַנען

ניט געשטאַנען אַפן דער הייך פון דער אויפגאַבע. עס איז גענוג צו זאָגן, אַז די אָנפירנדיקע ראָל אין דער רעוואָליוציע פון 18 מאַרט האָט געהערט אָדער, בעסער געזאָגט, איז אויסגעפאַלן אַפן כיילעק פונעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע, דאָס הייסט, פון אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אויפגעקומען צופעליק, אינעם שטורעם־ווינט פון די געשעענישן, וואָס איז באַשטאַנען פון מענטשן, וועלכע זײַנען פלוצלינג אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אַפן אויבערפלאַך און וואָס זײַנען ביז דעמאָלט אין מערהייט געשטאַנען אין אַ זײַט פון פּאָליטישן קאַמף. עס איז נאַטירלעך, אַז בײַ אַזעלכע באַדינגונגען איז די רעוואָליוציע פאַרגעקומען אָן יעדער אָנפירונג, אין פולשטענדיקער אומאָרדענונג און אָן יעדער אָרגאַניזאַציע. קיין איין מאָס־מיטל איז פון קיינעם פריִער ניט באַהאַנדלט געוואָרן, קיין איין פּלאַן ניט אָנגעמערקט געוואָרן. עס איז קיין גרינגערע זאַך ניט געווען, ווי פאַרכאַפּן די מיטגלידער פון דער רעגירונג, די פאַר־שטייער פון דער העכערער ביוראָקראַטיע און פון דער גרויסבור־זשואַזיע, פאַרהאַלטן און אַנטוואָפענען דעם פּאַריזער גאַרניזאָן. נאָר קיין זאַך פון דעם איז ניט געטון געוואָרן. די מיניסטאָרן איז דערלויבט געוואָרן פרײַ אַרויסצופאָרן פון פּאַריז און אַרויס־צופירן פונדאָרטן דאָס מיליטער. די העכסטע קאָמאַנדע איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם געוועזענעם פּלאַץ־אָפיצער ליוליע, וואָס האָט אפילע באַפרײַט די פאַרהאַלטענע אָפיצערן. עס איז ניט בלויז ניט פאַרגענומען געוואָרן קיין באַלדיקער אָנגריף אַפן ווערסאַל, וואָס איז דעם ערשטן מאָמענט געווען לאַכלוטן שוצלאָז, נאָר עס איז אפילע ניט פאַרנומען געוואָרן דער פאָרט מאָנ־וואַלעריען, וואָס האָט געהערשט איבער דעם וועג פון פּאַריז קיין ווערסאַל. ליוליע האָט זיך באַנוגנט מיט אַן „ערנ־וואָרט" פונעם קאָמענדאַנט פונעם פאָרט, אַז ער וועט „אָפּהיטן נייטראַ־ליטעט", — מיט אַ וואָרט, וואָס איז, פאַרשטייט זיך, ניט אָפּגעהיט געוואָרן.

האָבנדיק אינ זייַנ רעשוט 300 טויזנט בּיקסנ אונ 2 טויזנט הארמאטנ, האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט קיינ זאכ ניט פאָרגעּ־נומענ. ער האָט זיכ געפונענ אונטער דער מאכט פונ א פארלאַ־מענטארישער פיקציע. אינ דער צייַט פונ א רעוואָליוציע האָט ער געטראכט וועגנ בורזשואזער „געזעצלעכקייַט" אונ אינעם כאמע אנטשיידנסטנ מאָמענט האָט ער באשלאָסנ צונויפרופנ די וויילער צו די וואלנ אינ דער קאָמונע, וואָס זי וועט שוינ קלוימערשט אָנעמענ אלע נייטיקע מיטלענ. דאָס איז געווענ אנ אנערקענונג פונ אייגענער אָנמאכט אונ פארלאָרנקייַט. נאָר פונקט אזעלכע אייגנשאפטנ האָבנ ארויסגעוויזנ אויכ די איבעריקע אָרגאניזאציעס.

בּיכלאל האָבנ די פיקציעס פונ בורזשואזנ „דעמאָקראטיזמ" אונ בורזשואזער „געזעצלעכקייַט" געבראכט פיל שאָדנ דער קאָמונע, פאראליזירנדיק די אנטשלאָסנקייַט פונ אירע מייַסימ (באזונדערס פונ די ערשטע, אונ דעריבער די סאמע וויכטיקסטע) אונ שטערנדיק איר אָפּצושלאָגנ מיט ערפאָלג די אינטריגעס פונ די סאָנימ. וואָס פאר א רייד האָט געקענט זייַנ וועגנ אָפּהיטנ געזעצלעכקייַט, אז די קאָמונע אלײנ איז, פונ בורזשואזנ שטאנד־פונקט, געווענ א פאָשעטער בונט קעגנ דער „איבערהערשאפט פונעמ פאָלק" אונ א דורכויסיקע אומגעזעצלעכקייַט? וואָס פאר א רייד האָט געקענט זייַנ וועגנ „פרייַהייַטנ", אז די קאָמונע איז פונ אלע זייַטנ געווענ ארומגערינגלט פונ אומבעראכמאָנעסדיקע סאָנימ, וואָס האָבנ ניט אָפּגעהיט בענעגייע צו איר קיינע שומ גאָרמעס פונ געזעצ־לעכקייַט? סאָפּקאָלסאָפּ, איז דער קאָמונע אויסגעקומענ, פארשטייט זיכ, אָפּצווארפנ אלע אייַנגערעדטע אונ צווייעסדיקע פאָרמענ פונ בורזשואזנ „ליבעראליזמ" אונ „דעמאָקראטיזמ". איר איז אויסגעקר־מענ אָפּצוזאָגנ דער בייַזוויליקער בורזשואזיע סייַ אינ פרייַהייַט פונ פארזאמלונגענ, סייַ אינ פרייַהייַט פונ פרעסע (וואָס די בורזשואזיע פלעגט איר, פארשטייט זיכ, ניט געבנ דאָרטנ, ווו זי האָטגעהאט די מאכט). איר איז אויסגעקומענ אויוועך צו זייַנ איבער דער אומ־באַרידלעכקייַט פונ דער פערזאָנ פונ פארשווערער אונ פראָוואָ־

קאַטאָרגע און אײַנצופירן אפילו דעם אינסטיטוט פון אָרוועס־לײַט. נאָר דאָס איז אַלץ געטון געוואָרן צו שפּעט, ווען די סאָציאַל שוין באַוויזן צו ברענגען דער קאָמונע פיל שאָדן, און דאָס פלעגט ניט דורכגעפירט ווערן מיט דער געהעריקער ענערגיע און אויסגעהאַלטנקייט. אויך דאָ האָט דער בונד מיט דער קליינבורזשואַזיע בעליסאָפּעק געבונדן די הענט פון די פאָרשטייער פונעם אַרבעטער-קלאַס צום גרעסטן שאָדן פאַרן איניען פון דער רעוואָליוציע.

נאָך לאַנגע פאַרשלעפּעניש זײַנען די וואַלן אין דער קאָמונע פאָרגעקומען דעם 26־טן מאַרץ. אין די וואַלן האָבן גענומען אַן אָנטייל 47% פון די אײַנגעטראָגענע אין די ווײלער־צעטלען און קאָרעוו 60% פון די פאַראַנענע; באַזונדערס פיל ווײלער האָט געשטימט אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן. עס זײַנען אויסגעקליבן געוואָרן 21 פאָרשטייער פון דער גרויסער און מיטעלער בורזשואַזיע און 65 פאָרשטייער פון רעוואָליוציאָנערע און סאָציאַליסטישע גרופּן: פון זיי האָבן זיך 17 גערעכנט פאַר אינטערנאַציאָנאַליסטן, 8 פאַר בלאַנקיסטן. נאָר די מערהײַט, דער גרעסטער טייל פון די איבעריקע, וואָס האָבן פאָרגעשטעלט פאַרשיידענע אומבאַשטימטע ריכטונגען מיט אַ סאָציאַליסטישער באַפאַרבונג, זײַנען אין אַלגעמיין נאָכגעגאַנגען נאָך דער גרופּע בלאַנקיסטן. עס זײַנען, פאַרשטייט זיך, געווען עטלעכע קאַריעריסטן, וואָס האָבן זיך צוגעשאַרט, אַוואַנטיוריסטן און פּאַשעטע מענטשן מיט אַן אומרויִקן כאַראַקטער, וואָס ווערן אַרויסגעוואָרפן אַפן אויבערפלאַך דורך יעדער רעוואָליוציאָנערער כוואַליע. די פאָרשטייער פון דער ערשטער גרופּע זײַנען גיך אַוועק פונעם ראַטהויז, אַזוי, אַז די נעגאַטיווע זײַט, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך דעם אויפן פון קלײַבן די קאָמונע, האָט זיך טיילווײַז פון זיך אַליין פאַרגלעט, נאָר, צום באַדויערן, איז עס פאָרגעקומען צו שפּעט.

צי האָט די קאָמונע געהאַט אַ וואָסער ס'ניט איז באַשטימטע סאָציאַלע פּראָגראַם? אויב די

פארטייענ, וואָס זײַנענ ארײַנ אינ איר באשטאנד, האָבנ יעדערע באזונדער ניט געהאט אזא פראָגראמ, קענ מענ נאָכ ווינציקער ריידנ וועגנ דער פראָגראמ פונ דער קאָמונע אינגאנצנ גענומענ. די דאָקומענטנ, וואָס זײַנענ פארבליבנ פונ דער קאָמונע, באווײַזנ, אז זי האָט פונ אָנהייב אָנ ניט געהאט אזא פראָגראמ, האָט אויכ ניט באוויזנ אויסצוארבעטנ זי אינ מעשעכ פונ איר קורצער אונ שטורמישער טעטיקײַט. אונ זי האָט טאקע קיינ צײַט ניט געהאט פאר אזא ארבעט.

אפ וויפל די טוער פונ דער קאָמונע האָבנ פאָרמולירט די פראָגראמ פונ זייער פאָרשטייענדיקער טעטיקײַט, האָט זי געטראָגנ א זייער מעסיקנ כאראקטער. דער צענטראל־קאָמיטעט פונ די צוואנציק קרײַזנ, וואָס האָט זיכ פאראייניקט מיט די אינטערנאציאָנאליסטנ, האָט פארעפנטלעכט ערעוו די וואלנ אינ קאָמונע א וואל־פראָגראמ, וואָס איז געווענ צונויפגעשטעלט אינגאנצנ אינ א פרודאָניסטישנ גײַסט. דאָ האָט זיכ גערעדט וועגנ דער קאָמונע, ווי וועגנ א גרונט־קעמערל פונ דער מעלוכע, וועגנ דאָס רעכט פונ די קאָמונעס צו פעדערירנ זיכ צווישנ זיכ קעדיי צו בילדנ די נאציע, וועגנ דער אווטאָנאָמיע פונ די קאָמונעס, וועגנ פרײַהײַטנ, אלגעמיינער אָפשטימונג, וועגנ דעמ וואל־כאראקטער פונ אלע אמט־פערזאָנענ, וועגנ דער אָפשאפונג פונעמ בידזשעט פונ עמונעס, דאָס הייסט וועגנ אָפטיילנ די קירכע פונ דער מעלוכע, ספעציעל פאר פאריז — וועגנ דער פארניכטונג פונ דער פאָליציי־פרעפעקטור, וועגנ פארבײַטנ די שטענדיקע ארמיי דורכ דער נאציאָנאלער גווארדיע, וואָס קלײַבט זעלבשטענדיק אויס אירע שעפנ, וועגנ אײַנפירנ וועלטלעכע אלגעמיינע אונ פראָפעסיאָנעלע בילדונג, וועגנ אלגעמיינער אסעקוראנצ, בעסויכאָמ אויכ פונ ארבעטלאָזיקײַט אונ פונ באנקראָט (א קליינבירגערלעכע פאָדערונג). אונ, לעסאָפ, וועגנ אויסזוכנ מיטלענ צו געבנ דעמ פראָדוצירער קאפיטאל, ארבעטס־געצײַג, אָפזאצ אונ קרעדיט. אפ

אזא אויפן האָבן זיך די אווטאָרן פון דער פראָגראם מוידע געווען, אז זיי אליין ווייסן ניט דידאָזיקע מיטלען, און די גאנצע פראָ־גראם טראָגט בוילעט דעריקער א קליינבירגערלעכן כאראקטער און אנטהאלט קימאט גאָרנישט ניט ספעציפיש פראָלעטארישעס.

פונקט אזא אומקלאָרן כאראקטער טראָגט אויך די דעקלאראציע פון דער קאָמונע, איר מאניפעסט, מיט וועלכן זי האָט זיך געווענדעט צום לאנד, קעדיי קלאָר צו מאכן אים אירע פרינציפן. אָנגענומענע געוואָרן קימאט אָן וויקוכים אָפ דער אָוונטדיקער זיצונג, רעדט דער מאניפעסט באאריכעס וועגן דער אווטאָנאָמיע פון די קאָמונעס און זאָגט קימאט קיין איין וואָרט ניט וועגן דעם סאָציאלן זינען פון קאמף, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן. דער איינציקער נעפלדיקער רעמעז וועגן דעם ציל פון די קאָמונארן איז אויסגעדריקט אין זייער א פאָרזיכ־טיקער פאָרם: „פאריז לאָזט איבער פאר זיך דאָס רעכט צו שאפן אנשטאלטן, וואָס זאָלן קענען מאכן פאר א געמיינזאם אייגנטום די מאכט און דאָס אייגנטום אין העסקעם מיט די באדערפענישן פונעם מאָמענט, מיט די ווונשן פון די פארינטערעסירטע און מיט די פאקטן, וואָס זיינען גענומען געוואָרן פון דער פראקטיק".

פונקט אזא אומבאשטימטן כאראקטער טראָגט אויך די פראקטיק פון דער קאָמונע. אז דאָס ראָוו מיטגלידער פון דער קאָמונע זיינען געווען נויטע צום סאָציאליזם, האגאם בא אסאך פון זיי איז עס געווען אינסטינקטיוו און ניט קלאָר באנומענע — אין דעם איז קיין סאָפעק ניטאָ. אלקאָלפאָנים האָבן די ארבעטער־מאסן, וואָס זיינען געשטאנען הינטער זיי, אומקלאָר געשטרעבט צו א סאָציאלער רעוואָליוציע. די מאכלוי־קעסן וועגן קאָמונאלער אווטאָנאָמיע און וועגן פעדעראליזם האָבן זיי ווינציק אינטערעסירט, און אויב עס האָט זיי יאָ אינטערעסירט, איז נאָר אָפ אזויפיל, אָפ וויפל דאָס איז געווען פארבונדן מיט זייערע סאָציאלע פאָדערונגען. די ערשטע צייט,

ווענ עס האָט זיכ נאָכ געהאלטנ דער בונד מיט דער קליינבורזשואזיע, און די קאָמאנדירנ האָבנ זייער שטארק געהאלטנ פונעמ דאָזיקנ בונד, איז צוליב דיפּלאָמאטישע טעמימ, צוליב דער מוירע אָפּצושטויסנ פונ זיכ אָט דעמ ווערטפולנ פארבינדעטנ, האָבנ אייניקע פונ זיי אויסגעדריקט זיכ זייער פאָרזיכטיק. עס איז גאנצ מעגלעכ, אז דער מאניפעסט פונ דער קאָמונע איז געווענ צוזאמענגעשטעלט אינ אזא בעקיוונדיק־איינגעהאלטענעמ טאָנ טאקע צוליבדעמ, קעדיי ניט אָפּצושרעקנ די פויערימ, צו וועלכע דער מאניפעסט האָט זיכ דעריקער געווענדעט. נאָר מיטנ אפּרעל איז קלאָר געוואָרנ, אז די קליינבורזשואזיע איז אינ דער מאסע אוועק פונ דער קאָמונע: דאָס האָבנ, אגעוו, באוויזנ די דערגאנצונגס־וואלנ, אינ וועלכע עס האָבנ גענומענ אנ אָנטייל נאָר ארבעטער. פונ הײַנט אָנ זײַנענ נאָר די פּראָלעטארישער געשטאנענ הינטער דער קאָמונע און האָבנ זי פארטיידיקט אפ די פאָדערשטע פּאָזיציעס. הייסט עס, אז איצט האָט די פראגע וועגנ סאָציאלער איבעראנדערשונג נאָכ מער געדארפט ארויסגערוקט ווערנ אפנ ערשטנ פּלאנ — און ניט אינ דעקלאראציעס (פאר דעקלאראציעס האָט די קאָמונע ניט געהאט ניט קיינ צײַט, ניט קיינ כיישעק), נאָר אינ איר פּראקטיק, אינ אירע מײַסימ. דאָכ האָט די קאָמונע אויכ אינ דעמ געביט אופגעטונ זייער ווינציק און האָט ניט באוויזנ קלאָר צו מאכנ איר עמעסנ פּאָנעמ.

די פּראָגראמ פונ דער קאָמיסיע פאר ארבעט און אויסטויש טראָגט ניט קיינ כאראקטער פונ אנ אקציאָנס־פּראָגראמ, נאָר פונ שטודירנ און אויספאָרשנ. דאָס איז א פּראָגראמ פונ זאמלענ סטאטיסטישע יעדיעס איבער א פראגע, וואָס איז נאָכ ניט קלאָר פאר די, וואָס האָבנ צונויפגעשטעלט די פּראָגראמ. דערבײַ רעדט זיכ דאָרט וועגנ די פארהעלטענישנ צווישנ ארבעטער מיט זייערע באלעבאטימ. קומט אויס, הייסט עס, אז אויכ אינ דער קאָמונע וועלנ זײַנ באלעבאטימ, לעכאָלאפּאָכעס אינ מעשעכ פונ אנ אומ־

באשטימטער צײַט. נאָר, אזוי אָדער אנדערש, האָט די קאָמונע אָנגענומען א ריי באשטימונגען, וואָס באווײַזן אירע עמעסע סימפּאטיעס און אין וואָס פאר א זײַט וואָלטן געגאנגען אירע באַמיונגען, ווען זי וואָלט באוויזן אײַנצוהאלטן זיך לאנג.

די דירעס־פּראגע איז געלייזט געוואָרן אין דעם זין, אז מ׳איז אָפּגעשאפט געוואָרן דירע-געלט פון אָקטיאבער ביז אפּרעל, און דאָס שוין אײַנגעצאָלטע די הויז־אייגנטימער דירע־געלט איז פארעכנט געוואָרן אפן כעשבן פון די צוקונפטיקע ראטעס (נאָר די הײַזער זײַנען ניט סאָציאליזירט געוואָרן). די טערמיניקע כויוועס איז דערלויבט געוואָרן אײַנצוצאָלן אין א מעשעך פון דרײַ יאָר און דערבײַ איז פאר אָט דער צײַט ניט ארופגערעכנט געוואָרן קיין פּראָצענטן (נאָר דאָסדאָזיקע מיטל, וואָס איז וויכטיק פאר דער קליינבורזשואזיע איז, צום באדויערן, אָנגעקומען צו שפּעט). דעם 29־טן מארט איז פארווערט געוואָרן די לאָמבארדן צו פארקויפן די פארמאשקנטע בא זיי זאכן, נאָר ס׳איז ניט באשלאָסן געוואָרן אומצוקערן זיי זייערע אייגנטימער. ערשט דעם 25־טן אפּרעל איז באשלאָסן געוואָרן אומצוקערן די זאכן ביז 20 פראנק, נאָר אויך דערדאָזיקער דעקרעט איז געקומען צו שפּעט. צווישן אנדערע מיטלען פון דער קאָמונע דארף מען אָנווײַזן אפ דער אָפּשאפונג פון שטראָפן און אפן פארבאָט פון נאכט־ארבעט אין די בעקערײַען. דאָס איינציקע מאָס־מיטל פון דער קאָמונע, וואָס איז לעפּאָכעס טיילווײַז געווען באפארבט מיט א סאָציאליסטישן כאראקטער, איז געווען דער דעקרעט פון 16־טן אפּרעל, וואָס האָט פאראָרדנט איבערצושרײַבן די ווארשטאטן, וואָס די באלעבאטים האָבן אוועקגעוואָרפן, כּדי איבערצוגעבן זיי ארבעטער־אסאָציאציעס מיטן צוועק ווידער אָנצוהייבן ארבעטן דאָרט. דערבײַ האָט מען געהאט בעדייע צו באלוינען אין דער צוקונפט די באלעבאטים פון די־דאָזיקע

אונטערנעמונגענ. נאָר אינ א באלאגערטער שטאָט קענענ אזעלכע מאָסמיטלענ אָנגענומענ ווערנ אָנ יעדע סאָציאַליסטישע צילנ.

אונ דאָכ האָט די קאָמונע געטראָגנ א סאָציאַליסטישנ כאראקטער. עמעס, זי האָט קימאט גאָרנישט ניט באוויזנ אופצוטונ אינעמ געביט פונ איבעראנדערשנ די אייגנטומ־פארהעלטענישנ. נאָר אירע סימפאטיעס זײַנענ געווענ אפנ צאד פונעמ פראָלעטאריאַט — נאָכ מער, זי איז אלײנ געווענ א קינד פונעמ דאָזיקנ פראָלעטאריאַט. די קאָמונע איז געווענ די ערשטע פאָרמע פונ הערשאפט פונעמ ארבעטער־קלאס. אינ פראָצעס פונ איר קאמפ אונ אנטוויקלונג וואָלט זי זיכ אומפארמײַדלעכ געשטעלט אפנ וועג פונ ברייטע עקספראָפּריאַציעס אונ וואָלט געשטעלט פאר זיכ די פראגע וועגנ דער פולשטענדיקער באפרײַונג די ארבעטער דורכ איבערבויענ די געזעלשאפט אפ סאָציאַליסטישע יעסוידעס. אָט אזא איז געווענ איר היסטאָרישער זינענ, אונ די ווערסאלער זײַנענ אינ טאָכ גענומענ געווענ גערעכט, ווענ זיי האָבנ געשריענ וועגנ די קאָמוניסטישע טענדענצנ פונ דער קאָמונע. ניט אלע מיטגלידער פונ דער קאָמונע האָבנ זיכ אָפּגעגעבנ א קלאָרנ דינ וועכעשבנ אינ דעמ, אונ זי אַלײנ האָט ניט באוויזנ צו פארווירקלעכנ אירע אופגאבנ, ווײַל זי האָט עקזיסטירט א צו קורצע צײַט אונ איז מיט געוואלד דערשטיקט געוואָרנ דורכ דער בורזשואזער קאָנטר־רעוואָליוציע. נאָר סײַ די בורזשואזיע, סײַ דער פראָלעטאריאַט האָבנ פארשטאנענ די באדײַטונג פונ דער קאָמונע אלס דעמ ערשטנ אנטשלאָסענעמ פרווו צו דערשלאָגנ זיכ די פולשטענדיקע באפרײַונג פונעמ ארבעטער־קלאס.

די קאָמונע האָט עקזיסטירט עטוואָס מער פונ צוויי כאדאָשימ. אָט די גאנצע צײַט איז זי געווענ געצוווּנגענ צו פירנ א ביטערנ קאמפ פאר איר עקזיסטענצ. אונ דערבײַ האָט זי זיכ געקאָנט פארלאָזנ נאָר אפ אירע אייגענע קויכעס. די פראָווינצ האָט זיכ

שואכ אָפגערופנ אפ אירע פארצווייפלטע רופנ. דער פראָלעטאריאט איז אומעטומ נאָכ געווענ צו שוואכ אונ ניט אָרגאניזירט. די פרווונ אופצוהייבנ אופשטאנדנ אינ די פראָווינציעלע שטעט (אינ ליאָנ, מארסעל, סענט־עטיענ, קרעזאָ, טולוזע, נארבאָנע) זײַנענ גיכ דערשטיקט געוואָרנ, אונ פאריז איז געבליבנ איינזאמ. אונ די בורזשואזיע האָט געהאט הינטער זיכ ניט נאָר גאנצ פראנקרײַכ, נאָר אויכ די הילפ פונ דער אויסלענדישער בורזשואזיע. ביסמארק האָט זיכ צוגעײַלט צו באפרײַענ פונ דײַטשישער געפאנגענשאפט 100 טויזנט פראנצויזישע סאָלדאטנ, וואָס האָבנ געבילדעט דעמ קערנ פונ דער ווערסאלער ארמיי. פונ אלע עקנ לאנד האָט מענ געזאמלט קײַנ ווערסאל פאָליציסטנ אונ זשאנדארמענ, וואָס פלעגנ בילדנ קאדרענ, אינ וועלכע עס פלעגנ זיכ ארײַנגיסנ די אָנקומענדיקע פארשטארקונגענ. די רעכילעסדיקע אגיטאציע פונ דער בורזשואזער פרעסע, וואָס פלעגט פאָרשטעלנ די קאָמונארנ אלס א באנדע ראָצכימ אונ רויבער, וועלכע האָבנ אופגעהויבנ א בונט אינ די אינטערעסנ פונ אויסלענדער, אונ וואָס האָט זיי געשענדעט אלס אגענטנ פונ פרײַסנ, האָבנ מיטגעהאָלפנ דער פארביטערטקײַט פונ דער באפעלקערונג אונ פונ דער ארמיי קעגנ די פאריזער. אונ צוליב דער איזאָלירטקײַט פונ פאריז, וואָס איז געווענ אָפגעשניטנ פונעמ לאנד, איז א קאָנטר־אגיטאציע געוואָרנ אומעגלעכ. אונ צומ באדויערנ, האָט די קאָמונע ווינציק אופמערקזאמקײַט אָפגעגעבנ אָט דער זײַט פונ דער זאכ.

אז זיי האָבנ צונויפגעקליבנ די קויכעס, האָבנ די ווערסאלער אָנגעהויבנ אָנצוגרײַפנ אפ פאריז. אנקעגנ טיערס פילצאָליקער אונ דיסציפלינירטער ארמיי האָט די קאָמונע געקענט אנקעגנשטעלנ קליינצאָליקע, שלעכט־דיסציפלינירטע אונ נאָכ ערגער אָנגעפירטע טיילנ. פאריז, וואָס וואָלט געקענט ארויסשטעלנ דרײַ הונדערט טויזנט קעמפער, האָט אינ דער ווירקלעכקײַט געהאט אפ דער פײַער־ליניע ניט מער פונ פינפ—זעקס טויזנט מאנ, אונ דערבײַ קימאט אלצ איינע אונ דיזעלבע. די קליינבורזשו־

אַזױ איז אײַנגיכן אַװעק פֿון דער קאָמונע, נאָר אױך דער פּראָ־לעטאַריאַט האָט ניט אַרױסגעװיזן קײן גרױסן חשק צו שלאָגן זיך. נאָר אױב עמעצער האָט זיך יאָ געשלאָגן, זײַנען עס געװען די אַרבעטער פֿון די פֿאָרשטעט, דערי־קער פֿון בעלװיל. די העכערע קאָמאַנדירן פֿלעגן זיך בײַטן אײנער נאָכן אַנדערן, און די אומאָרדענונג, װאָס האָט געהערשט אין מיליטערישן אַמט, פֿלעגט װאַקסן יעדעס מאָל, װען עס פֿלעגן זיך בײַטן די קאָמאַנדירן. אײנעװײניק האָט געהערשט סאַבאָטאַזש און פֿאַראַט, און בײַ דער פֿולשטענדיקער אומפֿעיִקײט פֿון די מיטגלידער פֿון דער קאָמונע בײַצוקומען די לאַגע, איז דער אױס־גאַנג פֿונעם אומגלײַכן קאַמף געװען באַשטימט פֿון פֿריִער.

דעם 21-טן מײַ האָט אַ פֿאַרעטער אָנגעװיזן די סאָלדאַטן אַן אומפֿאַרטײדיקטן אַרײַנגאַנג פֿון דאָרעם־זײַט פֿון פּאַריז. דער־דאָזיקער אָרט איז פֿון קײנעם ניט באַװאַכט געװאָרן[1]. אין עט־לעכע שעה אַרום זײַנען שױן אַרײַן אין שטאָט פֿיר דיװיזיעס װערסאַלער. אינעם מאָמענט פֿון דער סאַקאָנע האָט אױפֿגעװאַכט די אַלטע העלדישקײט פֿונעם פּאַריזער פּראָלעטאַריאַט. נאָר עס איז שױן געװען שפּעט; איצט האָט מען נאָר געקענט אומקומען מיט קאָװעד. אין אַ מעשעך פֿון דרײַ טעג האָט געדױערט דער פֿאַרצװײפֿלטער קאַמף פֿון די קלײנע אין צאָל פֿאַרטײדיקער פֿון דער קאָמונע מיט דער 150־טױזנטיקער אַרמײ פֿון די װערסאַלער, װאָס איז געװען באַװאָפֿנט מיט אַלע פֿאַרניכטונג־מיטלען.

דעם 27־טן מײַ זײַנען געפֿאַלן די לעצטע פֿעסטונגען פֿון דער קאָמונע. עס זײַנען אײַנגענומען געװאָרן די הײכן פֿון

1) אױף װיפֿל גרױס ס׳איז געװען די אומאָרדענונג אין דער קאָמונע, איז צו זען פֿון דעם, װאָס די גרױזאַמע אַרטילעריע, װאָס איז געװען אױפֿגעשטעלט אױף די הײכן פֿון מאָנמאַרטר, האָט געשװיגן אין דעם סאַמע אַנטשײדענעם מאָמענט. דאָס ראָיאָן האַרמאַטן איז איבערגעפֿירט געװאָרן דורך אײנעם אַ פֿאַרעטער. די רעװאָלוציאָנערע פֿעסטונג, אױף װעלכער עס האָט אַזױ געהאָפֿט די קאָמונע, האָט זיך אונטערגעגעבן קימאַט אָן אַ שלאַכט.

בעלוויל אונ עס איז אײַנגעאָרדנט געוואָרנ די האריגע אפנ בײַסוילעמ פער־לאשעז [1]. דעמ 28־טנ מײַ איז דער קאמפ פארענדיקט געוואָרנ. דער לעצטער שאָס האָט אָפּגעקלונגענ 2 אזייגער באטאָג. דערנאָכ האָט זיכ אָנגעהויבנ די נעקאָמע.

אייגנטלעכ האָט זיכ דאָס נעקאָמע נעמענ אָנגעהויבנ גלײַכ פונ ערשטנ מאָמענט ווי די ווערסאלער זײַנענ ארײַנ קיינ פאריז, ריכטיקער, האָט עס זיכ אָנגעהויבנ נאָכ פריִער, ווײַל די ווערסאַלער פלעגנ געוויינטלעכ שיסנ די פארכאפטע אינ געפענגעניש קאָמונארנ. אזוי זײַנענ אומגעקומענ פלוראנס, דיוואוואל אונ אנדערע גלײַכ באמ אָנהייב פונ די קריג־אָפּעראציעס צווישנ פאריז מיט ווערסאל. אלס ענטפער אפ דידאָזיקע ווילדקײַטנ האָט די קאָמונע ארויסגעגעבנ דעמ 6־טנ אפרעל א דעקרעט וועגנ אָרוועס־לײַט, דערקלערנדיק, אז פאר יעדנ דערהארגעטנ קאָמונאר דורכ די ווערסאלער וועלנ דערשאָסנ ווערנ לויטנ גוירל דרײַ אָרוועס־לײַט פונ די ארעסטירטע קאָנטר־רעוואָליוציאָנערנ. נאָר די מענטשנ־ליבע פונ דער קאָמונע איז געווענ אזוי גרויס, אז דערדאָזיקער דעקרעט איז געבליבנ א טויטער די גאנצע צײַט, וואָס די קאָמונע האָט עקזיסטירט. נאָר אינעמ לעצטנ מאָמענט, ווענ די ווערסאלער האָבנ זיכ שוינ ארײַנגעריסנ אינ שטאָט אונ זײַנענ געגאנגענ פאָרויס, באדעקנדיק זייער וועג מיט קערפּערס פונ דער נאציאָנאלער גווארדיע, פונ פרויענ אונ קינדער, נעמלעכ, דעמ 26־טנ מײַ, זײַנענ צעשאָסנ געוואָרנ 48 אָרוועסלײַט, דעריקער, שפּיאָנענ אונ זשאנדארמענ. מיט 2 טעג פריִער, דעמ 24־טנ מײַ, זײַנענ צעשאָסנ געוואָרנ 6 אָרוועסלײַט, בעסויכאָמ דער פאריזשער ארציבישופ דאַרביא, וואָס די קאָמונע האָט אומזיסט פאָרגעלייגט טיערנ אויסטוישנ אימ אפ בלאנקי.

וואָס פאר א באטרעפ האָבנ דידאָזיקע קאָרבאָנעס אינ פארגלײַכ

---

1) צומ אָרט פונ דע־דאָזיקער האריגע („די וואנט פונ די קאָמונארנ" אָדער „פונ די פעדעראליכטנ") קומט פאָר יעדנ יאָר א פײַערלעכע אוילע־רעגל זײַנ פונ די פאריזער ארבעטער.

מיט די העקאטאָמבעס, וועלכע עס האָט אָנגעוואָרפן די צעווילדעטע בורזשואזיע? טיערס רעגירונג האָט זיך אליין מודה געווען אין 14 טויזנט הארוגים. נאָר אינדערעמעסן איז די צאָל קאָרבאָנעס געווען פיל גרעסער. די האריגעס האָבן אופגעהערט נאָר דעמאָלט, ווען פון די טויטע קערפערס, וואָס מע פלעגט ניט באוויזן אָפּצו־ראמען, איז אנטשטאנען די געפאר פון אן עפידעמיע. נאָר אז עס האָבן אופגעהערט די מאסן־האריגעס האָבן ניט אופגעהערט די איינצלנע. די מיליטערישע געריכטן האָבן געארבעט עטלעכע יאָר, ארויסטראָגנדיק אומבעראכמאָ עסדיקע פּסאקדינים. ניט ווינציקער פון 45 טויזנט מאן, בעסויכאָם פרויען און קינדער, זיינען ארע־סטירט געוואָרן. העכער טויזנט פון זיי זיינען אומגעקומען אין די שרעקלעכע באדינגונגען, אין וועלכע מ'האָט זיי געהאלטן; 270 מאן זיינען פארמישפּעט געוואָרן צו טויט־שטראף, 410 צו קאטאָרגע; אין פארשיקונג, פעסטונג און טפיסע איז אוועקגע־שיקט געוואָרן קאָרעוו צו 9 טויזנט מאן און אז. וו. גאנצע צענדליק זיינען כאָרעוו געוואָרן, גאנצע קווארטאלן פון פאריז זיינען געבליבן אָן מענטשן, נאָר א קליינער צאָל פון די פירער פון דער קאָמונע האָט זיך איינגעגעבן צו ראטעווען זיך.

---

ל. מישעל

# די מענטשן פון יאָר 1871

די ווערסאלער זײַנען ארײַן אין פאריז דעם 21-טן מײַ 7 אזייגער אינדערפרי און די שכיטע האָט זיך אָנגעהויבן.

„Officielle" — א ווערסאלער צײַטונג האָט אָפן גערופן צו מערדערײַען.

„מע דארף ניט קיין געפאנגענע! אויב אין דער מאסע וועט זיך צופעליק געפינען אן אָרנטלעכער מענטש, וועלכער איז מיט געוואלד ארײַנגעצויגן געוואָרן, וועט ער זיך אלעמאָל אויסצייכענען צווישן דער באנדע, אפ יעדער ערלעכן מענטשנס רוט די אָרנטלעכקײַט. דעריבער דערלויבט אונדזערע סאָלדאטן נעקאָמע נעמען פאר די טויטע כאווײרים. זאָלן זיי היינט אין דער פארשיקערטקײַט פון שלאכט צערעכענען זיך מיט די פארעטער, ווײַל עפשער מאָרגן, ווען זייער היץ וועט אָפגעקילט ווערן, וועלן זיי זיך דאָס ניט דערלויבן"...

מיט דעם איז אלץ געזאָגט געוואָרן.

די סאָלדאטן האָט מען אײַנגעשמועסט, אז זיי דארפן זיך נויקעמ זײַן פארן טויט פון זייערע כאווײרים. מענטשן, וועלכע האָבן זיך נאָר וואָס אומגעקערט פון דער פרײַסישער געפאנגענשאפט האָט מען אײַנגערעדט, אז די קאָמונע האָט געמאכט יאַדאכעס מיט די פרײַסן. זיי האָבן געגלויבט דערין און מיט רעציכע זיך פארכלינעט אין ברידער־בלוט.

די קאָמונע האָט געוואָלט שטארבן אָדער זיגן. יעדער האָט זיך געגומען צום געווער.

— עפשער וועט פאריז אויסהאלטן, ווער ווייס.

א באטארייע פון 10 הארמאטן האָט אין א מעשעך פון 6 וואָכן אונטערגעהאלטן דאָס פייער און געשאָסן אינעם סוינע. און געוועזן איז ווי אלעמאָל: פאלט אן ארטילעריסט, ווארפט זיך אפ זיין אָרט א צווייטער.

שיפער קראאן איז געפאלן מיט צוויי קנויטן אין די הענט. ער האָט באדינט מיטאמאָל צוויי הארמאטן.

קימאט אלע נעמען פון די געפאלענע גיבוירים זיינען ניט באוווסט, נאָר ס׳וועט קומען א טאָג און מע וועט מיטאמאָל פאר אלעמען נעקאָמע נעמען. דאָס וועט קומען דאן, ווען די ריזיקע רעוואָליוציאָנערע ארמיי וועט פארשפרייטן איר פראָנט איבער דער גאנצער וועלט.

די פעדעראליסטן האלטן זיך.

אפן בייסאלמען. פון זיי זיינען עטלעכע פארוואונדעט. די צאָל פון די קעמפער ווערט אלץ קלענער און דאָ הייבט זיך אָן אן אָנגריף און מע מוז לויפן נאָך הילף. איך קלייב זיך ארויס דורך א שפאלט פון בייסאלמען־וואנט און בין שוין ווייט. דוכט זיך, אז גיכער לויפן איז אומעגלעך. און דאָך, גלייך ווי איך וואָלט זיך פון אָרט ניט גערירט. אָט איז שוין די מעזיע פון מאָנמארטר. לעבן מעזיע ווייינט א יונגערמאן.

— וואָס איז?

— מע וויל אים ניט צונעמען צו די פעדעראליסטן. ער האָט קיין דאָקומענט ניט.

— קומט, — זאָג איך, און גיי אריין אין אין דער מעזיע. איך פאָדער הילף און ווייז אָן אפן יונגערמאן.

יענער דערקלערט, אז ער איז א סטודענט, אז ער האָט נאָך קיין איין מאָל ניט גענומען קיין אָנטייל אין שלאכט און וויל זיך שלאָגן אין אונדזערע רייען.

— גוט,— זאָגט מען אין דער מעזיע.

מיר לויפן ווײַטער. גראַנאַטן שיטן זיך אַרום אונדז, און דער יונגערמאַן איז גליקלעך. אָט זײַנען מיר אויף אָרט, פון אונדזערע זײַנען שוין געבליבן בלויז 15 מאַן און זייער צאָל ווערט אַלץ קלענער, עס גייען דורך פרויען מיט רויטע פאָנען, זיי האָבן זייער אייגענע בריגאַדע...

גיך איז פון 15 געבליבן נאָר 3 מאַן.

די מיטגלידער פון קאָמונע און פון צענטראַל־קאָמיטעט קלײַבן זיך צונויף אין ביבליאָטעק־זאַל. ס׳הייבט זיך אויף דעלעקליוז און לייגט פאָר מיט אַ שוואַכער שטים צונויפצורופן די קאָמוניס־טישע באַטאַליאָנען. זײַן פאָרשלאַג ווערט באַגעגנט מיט אַ דונער אַפּלאָדיסמענטן. די באַטאַליאָנען שפּאַרן זיך שוין אין זאַל.

אַן אויסערגעוויינלעכער מאָמענט. דעלעקליוזן רינגלט מען אַרום, און די מענטשן זײַנען שוין זיכער, אַז זיי וועלן זיגן!

* *
*

אויפן פּלאַץ שיטאַ איז אַ באַריקאַדע פון ברוקשטיינער. פון צוויי זײַטן טראָגן זיך שטורמיש גראַנאַטן. דער פײַער־שטורעם קאָנצענטרירט זיך אויפן פּלאַץ שיטאַ. און אין דעם שרעקלעכן מאָמענט באַווײַזט זיך דעלעקליוז.

אָט וואָס עס דערציילט אַן איידעס וועגן זײַן העלדישן טויט:

„פּלוצים טריט פון דער באַריקאַדע. זײַנע מענטשן זײַנען פאַרשוווּנדן, דעלעקליוז בײַט ניט זײַנע טריט. ער גייט גלײַך. ער איז געווען דער איינציקער מענטש אויפן בולוואַר דעלוויל. צוגע־גאַנגען צו דער באַריקאַדע, האָט ער אַרופגעקלעטערט אויף די שטיינער פון דער באַריקאַדע.

דאָס לעצטע מאָל האָבן מיר דאַן געזען זײַן שטרענגן פּנים מיט דער גרויער באָרד.

מיטאַמאָל איז דעלעקליוז פאַרשוווּנדן געוואָרן: ער איז גע־פאַלן, דערהאַרגעט פון אַ גראַנאַטע.

עטלעכע מענטשן האָבן זיך א וואָרף געטון אים אופצוהייבן און זײַנען געפאלן דערהארגעט. ניט ווילנדיק האָבן מיר געמוזט צונויפקלײַבן דאָס לעצטע ביסל מענטשן, קעדיי צו פארהיטן די באריקאדע. מיר האָבן געמוזט פארלאָזן דעם קערפער פון אונדזער פרײַנט.

* * *

א הײַפל העלדן שלאָגט זיך אנקעגן א גאנצער ארמיי. דער שלאכט גייט צווישן קוואָרים, גריבער און קעלערס. מע שלאָגט זיך מיט שפיזן, מיט די הענטלעך פון די ביקסן.

עס בלײַבט נאָך א הײַפל קאָמונארן אף דער באריקאדע „פאנטאָן־רוא". זיי ווילן זיך ניט אונטערגעבן. עס קומען קאָמונארן פון אנדערע גאסן.

* * *

ש־ש־ש. ס'דערנעענטערט זיך שוין די טשאטע מעשוגענע וועלף. אין די הענט פון די קאָמונארן בלײַבט איין קליין שטיקל פאריז. צום לעצטן מאָל לאָדן אָן די העלדן זייערע ביקסן. און ווערסאלער הארמאטן שנײַדן שוין די באריקאדעס. אין דעם מאָמענט באווײַזט זיך א יונג מיידל. זי איז געקומען פון א באריקאדע און לייגט פאָר איר הילף.

מע טײַנעט מיט איר, זי זאָל פארלאָזן דאָס שרעקלעכע אָרט. נאָר זי הערט קיינעם ניט. זי בלײַבט.

אין עטלעכע מינוט ארום שפײַט ארויס די באריקאדע מיט א שרעקלעכן דונער די לעצטע קויל און ווערט אנשוויגן.

א שרעקלעכער רייעך האָט זיך געטראָגן פון די געהארגעטע. די ווערסאלער האָבן מוירע געהאט פאר עפידעמישע קרענק און זיך אָפּגעהאלטן פון ווײַטערדיקע הארגעט. אָבער דאָ זײַנען אָנגעפלויגן פרויען־וואמפירן. אין עלעגאנטנע קליידער האָבן זיי ארומגעבלאָנקעט צווישן די הארוגים, מיט די שפיצן פון די שירעמס האָבן זיי געעפנט די טויטע אויגן.

מיך האָט מען ארעסטירט און אוועקגעפירט אין הויף פון 37 באסטיאָן. דער הויף איז געווען פול געפּאַקט מיט געפאנגענע. גראָד אנקעגן אונדז איז געשטאנען א טליע.

צו אונדז איז צוגעקומען דער קאָמענדאנט. ער האָט זיך געווענדעט צו מיר און אָנגעוויזן אף די פייערדיקע צונגען פון די סרייפעס.

— אָט דאָס איז אייער ארבעט.

— יאָ, — האָב איך געענטפערט — מיר זיינען ניט פון די, וואָס גיבן זיך אונטער, פאריז וועט האָבן א מאפּאָלע...

פלוצים זיינען צום באסטיאָן צוגעלאָפן עטלעכע גלענצנדיקע אָפיצערן. איינער פון זיי, מיט בלוט־פארגאָסענע אויגן, האָט זיך געווענדעט צו די ארעסטירטע:

— איך בין גאליפע[1]. איר האלט מיר פאר אן אכזער, הערן פון מאָנמארטר, איך בין נאָך מער אן אכזער, ווי איר מיינט.

מיר האָבן פארשטאנען, אז מיר זיינען פארמישפּעט צום טויט און זיך אָנגעהויבן צופוצן, מיר זאָלן קענען ווי געהעריק שטארבן.

מיר זיינען געווען בא עטלעכע הונדערט מאן, און מיר האָבן ניט געוווסט, צי מע וועט אונדז ארויספירן; צי מע וועט אונדז צעשיסן אפן אָרט. נאָר יעדנפאלס האָבן מיר געבראכט אין אָרדענונג אונדזערע קליידער און פריזור. מיר, מענטשן פונעם 71־טן יאָר, האָבן פארן טויט קיין מוירע ניט געהאט, און די פראזע „איך בין גאליפע" האָט זיך אונדז אויסגעוויזן זייער קאָמיש. ס'האָט דערמאָנט אן אלט לידל:

„איך בין לענדאר,
דער פאסטוך פון דער סטאדע,
אָט א פאסטוך, אָט א סטאדע".

---

[1]) א ווערסאלער גענעראל. באוווסט אין דער געשיכטע מיט זיינע בלוטיקע רעפּרעסיעס קעגן די קאָמונארן.

די ערשטע ווערטער פון ליד, וואָס וועד ווייס, וויאזוי זיי זײַנען מיר אפּן זינען געקומען, האָבן באַ אונדז ארויסגערופן א פריילעכן געלעכטער.

— שיסט אין דער באנדע אַרײַן, — האָט גאליפע, אָן אָנגעצונדענער א געשריי געטון.

די צאָל קאָ־באָנעס פון ווערסאלער רעפּרעסיעס זײַנען, לויט די אָפיציעלע אָנגאבן — 35,000. די דאָזיקע ציפער איז אָבער גאנץ ווײַט פונעם עמעס.

אָט וואָס עס שרײַבט אין יענער צײַט איין זשורנאליסט צום צווייטן:

„ליבער פרײַנט!

וויפל מ׳זאָל זיך ניט סטארען, וועט זיך קיינמאָל ניט אײַנגעבן קלאָר צו מאכן די גענויע ציפער פון דער שכיטע נאָכדעם, ווי ס׳איז געפאלן די קאָמונע. בלויז אין איין קיִיוּוער אפּן בייסאלמענ איוורי דערגרייכט די צאָל געהארגעטע 15.000 מאַנ. עס זײַנען נאָך פאראן קלענערע קוואָרים מיט דער אלגעמיינער צאָל — 6000 מאַנ. נאָך א קלייניקײַט: העכער 6 וואָכן, טאָג־אײַן־טאָג־אויס, פון 4 ביז 6 אינדערפרי האָט מען געהאלטן אין איין ארויסטראָגן טויט־אורטיילן אין דעם פּאָרט ביסעטרי. ניין, קיינמאָל וועלן מיר זיך ניט דערוויסן די עמעסע ציפער פון די קאָרבאָנעס, וועלכע זײַנען געפאלן אין דער צײַט פון קאמף קעגן דער קאָמונע. ניט באַוווסט וועט אויך בלײַבן די ריזיקע צאָל פון אומשולדיק צעשאָסענע און דערהארגעטע מענטשן, וועלכע האָבן ניט גענומען קיין אנטייל אין דער רעוואָליוציע״.

נאָר ס׳וועט קומען א טאָג, און מע וועט נעקאָמע נעמען פאר אלעמען מיטאמאָל... דאָס וועט זײַן דעמאָלט, ווען די גרויסע רעוואָליוציאָנערע ארמיי וועט פארשפרייטן איר פראָנט איבער דער גאנצער וועלט.

# וואָס מײַנע אויגן האָבן געזען

(זיכרוינעס פון אַן אָנטײלנעמער אין דער פּאַריזער קאָמונע).

דעם 25־טן מײַ האָבן מיר פאַרלאָזט דעם פאַלע־ראָיאַל און לויט דעלעקליוזס פאַראָרדענונג האָבן מיר אים אונטערגעצונדן, מיר איז גראָד אויסגעקומען אונטערצוצינדן, ווײַל איך האָב באַקומען דעם באַפעל פון דעלעקליוזן:

— פאַרברענט אַלץ, וואָס איר קענט ניט פאַרטיידיקן.

בעשאַסן אָפּטרעטן פונעם פאַלע־ראָיאַל צום שטאָט־ראַט זײַנען פאַרשווונדן דער פּאָלקאָווניק בורסיע, דער קאָמענדאַנט און קאַפּיטאַן פון אונדזער לעגיאָן, און איך בין אַליין געבליבן מיט די לעגיאָנערן. מיך האָט באַמרויקט דער באַוווסטזײַן פון דער פאַראַנטוואָרטלעכקײַט, וואָס ליגט אויף מיר. איך בין דעמאָלט אַלט געווען קוים 24 יאָר, איך בין אין דער פאָריקער מילכאָמע געווען אַ סאָלדאַט.

אינעם שטאָט־ראַט האָב איך געטראָפן דעלעקליוזן, וועלכער האָט באַשטימט זשאַקליאַרן פאַר מײַן שעף. נאָכן אָנפאַל פון די ווערסאַלער אויף אונדזערע באַריקאַדן האָב איך מיט זשעקליאַרן אָוועקגעפירט אונדזער אָפּטייל אויף פאַרטיידיקן די באַריקאַדן.

אָבער וואָס האָבן מיר געקענט טון קעגן דער פּילצאָליקער און אויסגעצייכנט־באַוואָפנטער אַרמיי? אונדזערע באַריקאַדן זײַנען אַרומגערינגלט געוואָרן. מיר האָבן געליטן גרויסע פאַרלוסטן און זײַנען געצוווּנגען געווען אָפּצוטרעטן צו דער דומע.

זשעקליאַר איז אַוועק באַזעצן אַ נײַעם פּונקט, און איך האָב איבערגענומען די קאָמאַנדירונג מיטן לעגיאָן.

בײַם שטאָט־ראַט איז אויסגעבויט געוואָרן אַ גרויסע באַריקאַדע, וועלכע איז גלײַך באַשאָסן געוואָרן פון די ווערסאַלער. וועלנדיק

אופמונטערן די לעגיאָנערן, האָב איך א טרײַב געטון דאָס פערד אפן סאמע שפיץ פון דער באריקאדע. איך האָב אראָפּגענומען מײַן הוט און אויסגעשריען:

„זאָל לעבן די קאָמונע!"

ס'האָבן זיך א שאָט געטון אף מיר קוילן, נאָר איך בין געבליבן גאנץ. די סאָלדאטן האָבן אָנגעכאפּט די לייצעס פון מײַן פערד און אים אראָפּגעפירט אראָפּ.

ווען איך האָב זיך אראָפּגעלאָזט אראָפּ, האָט מען מיר דער־ציילט וועגן דער סרייפּע אין שטאָט־ראט, ווי עס האָט זיך געפונען אן ארטילעריע־לאגער. ווען ס'וואָלט זיך ניט געווען אײַנגעבן ארויסצוראטעווען פונדאָרט די אמוניצע, וואָלט דער גאנצער קווארטאל אופגעריסן געוואָרן.

איך האָב פארלאָזט די באריקאדע, איך האָב מיט דער הילף פון עטלעכע מענטשן אָנגעלאָדן די הארמאטן־קוילן אף פארלאָזענע וואָגנס און זיי אוועקגעשטעלט וואָס ווײַטער פונעם פײַער.

דערנאָך האָב איך זיך צוריקגעקערט צו דער באריקאדע. אָבער מײַן אָפּוועזנהײַט האָט אָפּגענומען דעם מוט בא די לעגיאָ־נערן. עס איז געוואָרן אומגוצלעך ארויסצוווײַזן א ווידערשטאנד. מיר האָבן זיך געפונען אין א געפאר פון פולשטענדיקער ארומ־רינגלונג.

פון שטאָט־ראט ביז באסטיליע זײַנען ניט געווען מער קיין באריקאדעס. אָבער דער עצעם פלאצ פון דער באסטיליע איז געווען אויסגעצייכנט פארטיידיקט פון אלע זײַטן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן א פארביסענער שלאכט, וועלכער האָט געדויערט צוויי טעג. איך האָב באדארפט האלטן א פאר־בינדונג מיטן גענעראַל־שטאב, ד. ה. מיט דער קאָמונע גופא, וועלכע האָט זיך געפונען אין דער מעזיע פון 11־טן ראיאָן.

אונדזערע הארמאטן, וועלכע האָבן זיך געפונען אפן בייסווילעם פער־לאשעז, זײַנען געשטאנען זייער נידעריק, און די קוילן זײַנען געפאלן אין אונדזערע רייען. איך בין אוועק אפן בייסווילעם,

האָב פאריכט די אָנצילונג און צוריק אוועק אפנ בייסוילעמ־פּלאַץ, צו מײַנ פּאָסט.

איינ כאווער, א סאָלדאט פונעמ קאָרפּוס „פרײַנט פונ פראנ־קרײַכ", איז צוגעשטאנענ צו אונדזער אָפּטייל. ער איז אוועק אפ אויסשפּירונג אינ געסל לינקס פונ אונדזער באריקאדע און איז דאָרט פארווונדעט געוואָרנ. איכ מיט נאָכ א כאווער האָבנ אונ־טער א האָגל פונ קילנ ארויסגעשלעפּט דעמ פארווונדעטנ. מיר זײַנענ געבליבנ גאנצ. דעמ פארווונדעטנ האָבנ מיר צוגעשטעלט אינ אמבולאטאָריע.

עס איז געוואָרנ נאכט, אלע קעמפער זײַנענ געוואָרנ שטארק אויסגעמאטערט. די שלאכט האָט געדויערט 6 טעג אָנ אופהער. איכ האָב זיכ צוגעלייגט אינ א הויז, וועלכעס האָט זיכ געבויט, נאָר קימאט ניט געשלאָפנ. פונ גרויס אומרו האָב איכ ניט געקענט צומאכנ מיט קיינ אויג. פיר אזייגער פארטאָג האָב איכ זיכ צוריקגעקערט צו דער באריקאדע.

בא דער באריקאדע איז געשטאנענ נאָר איינ וועכטער. סײַ די קאָמונארנ, סײַ די ווערסאלער זײַנענ אזויווי געשלאָפנ. איכ בינ אוועק אפ אויסשפּירונג. פּלוצימ האָט זיכ דערהערט א זאלפּ בא דער סאמע מאָרדע פונ מײַנ פערד. איכ פארשטיי אדאיעמ ניט, וויאזוי איכ בינ געבליבנ גאנצ. ווענ איכ האָב זיכ צוריק־געקערט צו דער באריקאדע, איז דער וועכטער געווענ איבער־ראשט, וואָס איכ בינ געבליבנ לעבנ און ניט פארווונדעט.

אינגיכנ האָט זיכ די שלאכט באנײַט און איכ בינ אוועק אינ דער מעזיע פונ 11־טנ ראיאָנ נאָכ פאראָרדענונגענ פונ דער קאָמונע (קיינ גענעראל־שטאב איז ניט געווענ). ס'איז צוגעקומענ אנ אָפּטייל, וועלכער האָט געבעטנ מ'זאָל אימ געבנ א קאָמאנדיר און א פאָנ. איכ האָב זיכ פאָרגעלייגט אלס קאָמאנדיר און מיר זײַנענ אוועק צומ וואָלטער־בולוואר.

אפ דער שכײַנישער גאס איז געשטאנענ א פארלאָזטע באריקאדע, אפ וועלכער דעלעקליוז איז דערהארגעט געוואָרנ. א

צוגעקומענער אונטערפּאָלקאָווניק האָט בא מיר געבעטן, איך זאָל באַפֿוילן די סאָלדאַטן, זיי זאָלן פֿאַרנעמען די באַריקאַדע. די סאָלדאַטן האָבן אים ניט געוואָלט פֿאָלגן.

פֿילנדיק, אַז ס'איז נייטיק אַרויסצווײַזן אַ בײַשפּיל פֿון מוטיקײַט און דרייסט, האָב איך געכאַפּט אַ רויטע פֿאָן, האָב פּאַרקערעוועט דאָס פֿערד צו דער פֿאַרלאָזטער באַריקאַדע, און איך האָב אויפֿגעשטעלט די פֿאָן. איך האָב דאָרט באַמערקט אַ האָרניסט, וועלכן איך האָב באַפֿוילן צו טרומייטערן „אין אַטאַקע". דאָס האָט געווירקט אויף די זעלנער און זיי האָבן פֿאַרנומען זייערע פּאָסטנס. איינער פֿון די סאַמע אײַנפֿלוסרײַכע מיטגלידער פֿון דער קאָמונע, כ' גאָמבאָן, האָט מיר באַדאַנקט אין נאָמען פֿון דער קאָמונע.

איך האָב ניט באַוויזן צוצוקומען צו מײַן פּאָסטן, ווי מע האָט מיך ווידער גערופֿן. אויף וואָלטער־בולוואַר איז דאָ אַ קלויסטער, וווּ עס האָט זיך געפֿונען אַ לאַגער פֿון האַרמאַטן־קוילן. עס איז נייטיק געווען אַרויסצופֿירן פֿונדאָרטן די קוילן. אויב ניט, האָט געדראָט אַ געפֿאַר, אַז דער גאַנצער קוואַרטאַל וועט אויפֿגעריסן ווערן.

איך בין צו צום פֿערד און געוואָלט פֿאָרן אין דער מעריע פֿונעם 11־טן ראַיאָן נאָך פֿורלעך.

דאָס האָט באַמערקט עפּעס אַ סאָלדאַט, וועלכער האָט געמיינט, אַז איך וויל אַנטלויפֿן, קעדיי זיך צו ראַטעווען. ער האָט אָנגעצילט אין מיר זײַן ביקס, אָבער אַ צווייטער סאָלדאַט האָט אים דערציילט וועגן מײַן אָנטייל אין די שלאַכטן. און דאָס האָט מיך געראַטעוועט.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ס'האָט זיך דערנעענטערט דער סאָף פֿון דער קאָמונעס לעצטער נאַכט. די ווערסאַלער האָבן געשאָסן אַלע געפֿאַנגענע קאָמונאַרן, איך האָב איבערגעטאָן מײַן אָנצוג און זיך אויפֿגעהויבן צום בייסוילעם פּער־לאַשעז, אָבער די ווערסאַלער האָבן געהאַט

פארכאפט אויך דידאָזיקע לעצטע פעסטונג פון דער קאָמונע. וואָס טוט מען?

איך האָב דערהערט א רוף פונעם האָרן און זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פונעם קלאנג. דאָס האָבן זיך אין בעלווילער מעזיע צונויפגעקליבן די לעצטע קעמפער פון דער קאָמונע. איך בין צוגעשטאנען צו זיי. מיר האָבן זיך אראָפגעלאָזט קיין פאריז און געפונען די לעצטע באריקאדע.

די קאָמונע איז געווען באזיגט.

## זשול וואלעס

# פאריזער ארבעטער אלס „פאָלקס־קאָמיסארן"

(פון די זיכרוינעס פון א קאָמונע-מיטגליד).

## 1. דער וועשער גרעליע — אינערן־מיניסטער

— ווער איז אין אינערן־מיניסטעריום?—פרעג איך.

— כ'הייב ניט אָן צו וויסן!—זאָגט איינער פון די פירער.

— גייט אהינצו און גיט א קוק. פארבלייבט דאָ, אויב ס'איז דאָרט קיינער ניטאָ, אָדער העלפט די כאווירים, אויב זיי האָבן זיך פארפלאָנטערט.

איך גיי אוועק אפן פלאצ באווא און טרעפ דאָרט אלס אינערן־מיניסטער דעם וועשער גרעליע. א ווילער יאט!

ער גיט ארויס באפעלן, וועלכע זיינען פול מיט ניט ריכטיקע אויסדריקן. זיי זיינען אָבער דערפאר דורכגעדרונגען מיט די בעסטע רעוואָליוציאָנערע קאוואָנעס. ער האָט פארנומען דעם

פּאָסטן פון א מיניסטער און אויפגעהויבן א שרעקלעכן בונט קעגן גראמאטיק.

אלע באַאמטע, וועלכע האָבן ניט באוויזן צו אנטלויפן צו די ווערסאלער, אָנגעהויבן פונעם קאנצעליאַריע־פּאַרוואַלטער ביזן שיק־ייִנגל — אלע האָבן זיי געציטערט פאר אָט דעמדאָזיקן מענטשן...

... ס'איז געקומען דער סעקרעטאר פון ד'ער רעאקציאָנערער צייַטונג „פיגאראָ" און האָט געבעטן אָפּשאַפן די באשטימונג צו פארמאכן די צייַטונג.

— געבן פרייַהייַט דער „פיגאראָ"? — האָט זיך צעשריִען גרעליע. — גייט שוין, גייט. זי איז שטענדיק געווען אפ דער זייַט פון די שפּיאָנען און איז געשטאנען פאר ארעסטירן און פאר־ניכטן אָט די אלע, וועלכע האָבן איצט געמאכט די רעוואָ־ליוציע.

— איר האָט געפאָדערט אונדז צו ארעסטירן, געשריִען „טויט" אנקעגן אונדזערע צייַטונגען. מיר פילן אויס נאָר א העלפט פון אייַער פּראָגראַם — און איר קלאָגט זיך! באפרייַט מיך פון אייַער אָנוועזנהייַט, אָבער גיכער! אנדערע וואָלטן עפּ־שער ניט געווען אזוי גרויסמוטיק, ווארפט זיך ארויס!

אלס רעדאקטער פון דער רעוואָליוציאָנערער צייַטונג „דאָס געשריי פון פאָלק" האָב איך געפרווּט צו פארטיידיקן מייַן מיינונג וועגן פרעסע־פרייַהייַט.

גרעליע האָט זיך צעשריִען:

— שווייַג, מער קיין וואָרט ניט! לויט דייַן מיינונג דארף א צייַטונג, וועלכע האָט געקוקט אפ אונדז, ווי אפ מענטשן, וואָס זייַנען ווערט נאָר פארשיקט צו ווערן אפ קאטאָרגע, ווידער דערשייַנען, קעדיי אונדז ווידער צו באשיטן מיט זידלערייַען. יעדער פעלדפעבל מיט זייַן ראָטע וועט אָן אונדזער א דערלויבעניש כאפּן די רעדאקטערן און זיי דערשיסן, ניט זאָגנדיק קיין וואָרט... ווילסטו דאָס?

ער איז ארויס פֿון די קיילים און אלע ארום אים האָבּנ ארויסגעוויזנ צאָרנ.

דער וועכטער, וועלכער האָט זיכ ארומגעדרייט מיט זײַנ שפּיז ארום פּענצטערל, האָט זיכ אָפּגעשטעלט הערנ, און ווענ דער מיניסטער האָט געענדיקט, האָבּ איכ געזעענ ווי די בּיקס האָט א ציטער געטונ אינ זײַנ האנט... דער סאָלדאט האָט, אוועק־גייענדיק זיכ אָנגעצילט און האָט מיט א זשעסט בּאוויזנ, אז ער איז גרייט זיכ צערעכענענ מיט יעדנ איינעם, וואָס וועט וועלנ צעבּינדנ די צונג בּא די בּאליידיקער פֿונ דער אָרעמקײַט.

## 2. דער שוסטער רוליע — בּילדונג־מיניסטער

רוליע איז א געזונטער יאט פֿונ א יאָר 40, פּעסט געבּויט... זײַנ פּאָנעמ איז ווי מיט עפּעס אײַנגעשמירט. בּעשאס ער גייט, שאָקלט ער זיכ, מאכט מיט די הענט און מיט די פֿיס, ווי מיט הויבּערס, און ס׳מאכט דעמ אײַנדרוק, אזויווי ער וואָלט געוואָלט אָפּרייניקנ דאָס אָרט פֿארנ פֿאָלק, וועלכער גייט הינטער אימ.

רוליע איז א שוסטער און א רעוואָליוציאָנער.

— איכ בּאשוכ די מענטשנ און טו אויס די גאסנ — זאָגט ער.

אינ אָרטאָגראפֿיע איז ער ניט שטארקער פֿונ זײַנ קאָלעגע — דעמ אינערנ־מיניסטער. ער שטייט אָבּער אסאכ העכער פֿונ אימ אינ געשיכטע און אינ פּאָליטעקאָנאָמיע.

... דערדאָזיקער שוסטער האָט אפֿ דער טריבּונע געקענט צוגעבּנ א גלאנצ און בּויגעוודיקײַט זײַנע פֿראזנ, אזויווי ער האָט דאָס געטונ מיטנ פּאָרנט פֿונ א שוכ. ער פֿלעג פֿארשארפֿנ זײַנע וויצנ, אזויווי שיכ־נעז, פֿארקלאפּנ ארגומענטנ, ווי טשוועקעס אינ טאָפּלטע אָפּצאסנ.

— זאָגט מיר, רוליע, ווער האָט אײַכ אהער בּאשטימט?

— דאָס גאָר! איר מיינט בּעמעס, אז איכ האָבּ בּאקומענ פֿונ עמעצנ עפּעס א בּאפֿעל און געוואָרנ אנ עכטער אמט־מענטש?

איך האָב באדארפט אָפּגעבן א פּאָר שטיוול אינעם דאָזיקן קווארטאל. נאָר אז איך בין פארבייגעגאנגען נעבן דער שילד פון בילדונג־מיניסטעריום, איז מיר איינגעפאלן ארייננצוכאפּן זיך אהערצו... דאָס בענקל איז געווען פריי, האָב איך זיך אַף אים געזעצט און זיץ נאָך ביז היינטיקן טאָג! איי, איר דאָרט, מענטש מיט דער קייט (איינעם פון די פארבליבענע באאמטע פונעם אלטן מיניסטעריום), אייך וועט ניט באליידיקן א לויף צו טון נאָך געקאָכטע פיש און נאָך פּעטשיא פאר אונדז, מיר ווילן דאָ איבערכאפּן...

ער האָט אויסגעשטרעקט זיין היטל און צונויפגעקליבן באַם ארומיקן אוילעם אַף פרישטיק.

מיר האָבן שוין געהאט געפּאטערט די מאטבייע, וואָס דער קאָמיטעט האָט ארויסגעגעבן (5 פראנק א טאָג פאר א מענטשן) און ס'איז אונדז אויסגעקומען זיך דורכצושלאָגן אַפן אייגענעם כעשבן.

דער קאבינעט פונעם מיניסטער איז פארוואנדלט געוואָרן אין א בופעט־צימער. און אזויווי מיר זיינען געווען א מאן 5 אָדער 6 און האָבן גענומען אביסל מאשקע, זיינען די טאָג־געשעענישן באהאנדלט געוואָרן זייער הייס.

— וואָס וועט זיין ווייטער?

— וואָס! — ברומט רוליע — מיר האָבן א רעוואָליוציע און וועלן בא איר בלייבן... ביזוואנגען עס וועלן זיך ניט ענדערן די אומשטענדן! זאָל כאָטש קלעקן צייט צו ווייזן, וואָס מיר ווילן, אויב מ'קען זיך שוין ניט דערשלאָגן צו דעם, צו וואָס מיר שטרעבן! איר מיינט עפּשער, אז זינט מיר זיינען אהער ארייַן האָבן מיר געהאלטן נאָר אין פארבייסן און פארטרינקען? ניין, מיין ליבער! מיר האָבן געפּרוווט צונויפקלאפּן א פּראָ־גראם, און אָט וואָס איך האָב געבוירן...

ער האָט ארויסגעשלעפּט פון קעשענע עטלעכע בלעטלעך, איינגאנצן אין פלעקן, געמעקטע, מיט א רייעך פון קליי, ער האָט זיי מיר דערלאנגט.

— איר קאָנט זיך פאַנאַנדערקלײַבן? פול מיט גרײַזן, עמעס? יעדנפאלס, זאָגט, וואָס קלערט איר וועגן דעם.

וואָס איך קלער דערפון! איך קלער, ריידנדיק גאנץ אופריכ־טיק, אז דערדאָזיקער מענטש מיט דער קאָמישער צורע, דערדאָ־זיקער שענק־רעדנער איז באשענקט מיט גרויס אינטעליגענץ, האָט א פיל העכערן פארשטאנד פון אלע פארגעלטע געלערנטע מיט בעקאָוועדיקע מאנירן!

## מאקסים ווילִיאַנ [1]

# די וואַנדאָמער קאָלאָנע

## די וועטעראנען פון אויסטערליץ

דינסטיק, 16־טן מײַ 1871־טן. איך מיט ווערמעשן האָבן איבערגעביסן פרישטיק ניט ווײַט פון דער רעדאקציע אין א ווינקעלערל, וווהין מיר פלעגן אמאָל ארײַנקומען מיט פיאָ.

— קום אפן וואנדאָמער פלאצ—זאָגן איך צו ווערמעשן, — פראטאָ וועט אונדז געוויס געבן אן אָרט אפן באלקאָן פונעם מיניסטעריום.

מיר האָבן קאם באוויזן צו מאכן עטלעכע שפאן איבער דער גאס מאָנמארטר, ווי מיר באגעגענען קירבע[2]). מיר קאָנען אים ביידע. וואָס פאר א פריילעכן אָוונט מיר האָבן פארבראכט איניינעם בא לאווערן אינעם שווייצארישן ביר־הײַזל און בא

[1]) דער מעכאבער איז געווען אן אָנטיילנעמער פון דער פאריזער קאָמונע, איינער פון די רעדאקטערס פון דער צײַטונג „פער דיושען״: וואנדאָמער קאָלאָנע, וועגן וועלכער ער דערציילט, איז אופגעשטעלט געוואָרן לעקאָוועד די ניצחוינעס פון נאפּאָלעאָן דעם ערשטן פון די הארמאטן, וועלכע זײַנען אָפגענומען געוואָרן בא די סוינע.

[2]) דער קינסטלער, וועלכער האָט אָנגעפירט מיטן אומוואַלגערן די קאָלאָנע.

אנדלערן. דאָס שווייצארישע ביר־הייזל האָט זיך שוין לאַנג פאַר־מאכט. אנדלערס ביר־הייזל אָפ דער אטעפעיל־גאס עקזיסטירט שוין מער ניט, פארשוואונדן איז שוין אויך לאוועדס אלטער פאַנסיאָן אָפּ דער גאס פּאָטעוועָן. קורבע איז אָנגעטאָן אין א לאַנגן בלאָען סורדוט. ער גייט צו אונדז.

— דו גייסט אָפ וואַנדאָמער־פּלאַץ? — פרעגט אים ווערמעש.

קורבע ענטפערט ניט. אונדז דוכט זיך, אַז עפּעס אַן אומרו פאַרפינצטערט זיין געזיכט. פלוצלינג שלעפּט ער ארויס פון קעשענע א פּעקל פּאַפּירלעך פון פארשיידענער גרייס און קאָליר. ער שלעפּט אונדז אוועק אין א שטילן ווינקל פון דער גאַס און שטופּט אונדז אין פּאָנעם אריין איינעם פון די בריוו, וואָס ער האָט אין האַנט.

— לייענט דאָס איבער... לייענט איבער.

איך האָב ניט באַוויזן א קוק צו טאָן אַפן בריוו, וואָס קורבע האָט מיר אויסגעשטרעקט, ווי מיר האָט זיך אומזיניק פאַרוואָלט לאַכן...

— דו לאַכסט, שנעק, — שליידערט מיר קורבע זייער ערנסט.

אויב איך לאַך ניט הויך אָפ א קאָל, איז דאָס נאָר דערפאַר, ווייל איך בייס זיך די ליפּן ביז בלוט. לעבן זיך זע איך ווער־מעשס נאָז, וואָס רויטלט זיך פון פאַרגעניגן. ענדלעך האָב איך ניט אויסגעהאַלטן און מיר לאַכן ביידע פון פולן האַרצן.

דעם בריוו, וועלכן קורבע האָט אונדז אויסגעשטרעקט, איז איינער פון יענע אידיאָטישע בריוו, וועלכע עס קומט אויס צו דערהאַלטן אין די טעג פון קאַמף, וואָס מיר לעבן איבער.

דער קאָרעספּאָנדענט פונעם דאָזיקן בריוו — א טיפּעש אָדער פּאָשעט א לעץ, דראָט קורבען מיט דונערן און בליצן, אויב די קאָלאָנע וועט פאַלן.

אין יענעם טאָג, ווען עס וועט פאַלן „מיין אלטער אימפּע־ראַטאָר" — שרייבט ער — וועט דער פּאָדעם פון דיין לעבן איבערגע־ריסן ווערן, פאַרהאַסטער וואַנדאַל... א. אז. וו.

קורבע באוווײַזט אונדז א גאנצע פעקל אזעלכע בריוו. אין אײנעם פון זײ דראָט מען צו דערשטעכן אים באנאכט, ווען ער וועט זיך אומקערן אלײן אהײם. אין א צווײטן — קלײַבט מען זיך אים ארײַנצוּוואַרפן אין דער סענע, ווען ער וועט גײן אפן פאבריק — ער ווינט אפן לינקן ברעג, דער דריטער בריוו דראָט צו סאמען אים א. אז. וו. די אונטערשריפטן אין די בריוו זײַנען קוריאָזע: „צונויפגעקרײצטע קינזשאלן”, „אלטע סאָלדאטן פון נאפּאָלעאָן דעם ערשטן”, „וועטעראנען פון דער גרויסער ארמײ” א. אז. וו. אלע שווערן זײ זיך נוקעם זײַן פארן זיגער בא אויס־טערליץ אָן דער פעך פונעם אָרעמען גרויסן זיגער.

מיר בארויִקן אים, ווי נאָר מיר קענען.

— ווילסט, וועלן מיר דיר געבן א וואך פון די „קינדער פון פער דיושענ” ? [1] — זאָגן מיר צו אים.

— דאָס זײַנען העלדן, וועלכע האָבן פארן רוער אלײן ניט קײן מוירע, זײ וועלן שוין ניט לאָזן דײַנע אלטע גרענאדירן אופהײבן דעם קאָפּ.

קורבע הײבט אָן צו לאכן אינײנעם מיט אונדז, און ווען מיר גײען צו צום אָפּערע־פּלאץ, איז ער שוין אינגאנצן רויִק.

## וואנדאָמער פּלאץ

א גרויסער האמוין שטויסט זיך צו דער פרידן־גאס. אפן לויטערן בלויען מײַ־הימל שפּארט בוילעט ארויס דער קערפּער פון דער קאָלאָנע. די רויטע פאָן, וואָס איז צוגעפעסטיקט צו דער באליוסטראדע, גלעט ווײך דעם צעזאָרס פּאָנעם, א דרײַפארבע שטריק שלעפּט זיך פונעם שפּיץ ביז דער ראָד פונעם דרײ־הענטל,

---

[1] א נאָמען פון א צײַטונג, וועלכע איז ארויסגעגאנגען בעשאס דער קאָמונע. די „קינדער פון פער דיושענ” — א באטאליאָן קאָמונארן אפן נאָמען פון דער צײַטונג.

וואָס וועט אָט, אָט זיך נעמען דרייען און וועט אָנהייבן שלעפן די קאַלאָנע.

צווישן האמוניך הייבט זיך אוף א גערודער. צי איז שוין ניט געקומען די לעצטע שאָ פון דער קאַלאָנע?

— קום גיכער, — זאָגט מיר ווערמעש, — דוכט זיך, אז זי וואקלט זיך שוין.

טראָט נאָך טראָט רוקן מיר זיך דורך דער מענטשן־מאסע. מיר הערן, וואָס ס'ריידן אונדזערע שכיינים. ס'זיינען דאָ ווינציק אזעלכע, וואָס עס זאָל זיי פאַרדריסן. די איבערוועגנדיקע שטימונג — מוירע פאַר די רעזולטאטן.

— זי וועט דורכברעכן די וואסער־טרויבן אפ דער פרידן־גאס.

— און טאָמער צעשטערט זי די הייזער אפן פלאַץ?

וועגן דער קאַלאָנע גופא, נאפּאָלעאָנען, דער גרויסער ארמיי, אויסטערליץ — קיין וואָרט ניט.

די קראָמען זיינען צוגעשלאָסן, די שויבן פון די פענצטער זיינען פאַרקלעפּט מיט לאנגע פאסיקלעך פּאפּיר, קעדיי אָפּצו־שוואכן דעם ציטער.

ענדלעך האָבן מיר זיך דערקליבן צו דער באריקאַדע, וואָס פאַרשליסט דעם אריינגאנג אפן פלאַץ. מיר באווייזן דעם קאראול אונדזערע קאַרטלעך. איך באקוק אופמערקזאם דאָס דרייהענטל, וואָס איז צוגעפעסטיקט צו דער ערד מיט דער הילף פון אַן אנקער און צוויי בלאָקן, אפ וועלכע עס זיינען אָנגעוויקלט די שטריק, וואָס זיינען צוגעפעסטיקט צום שפּיץ.

וואָס שייך דער קאַלאָנע גופא, האָב איך ערשט נעכטן גע־קלעטערט אפ איר פּיעדעסטאַל. דער מיטל, וואָס די אינזשענערן האָבן צוגעטראכט, וויאזוי זי אומצווואלגערן, איז אַ גאנץ פּאָשע־טער. דער פונדאמענט איז איינגעשניטן געוואָרן באם שטאם פון דער קאַלאָנע פון דער זייט, וואָס בא דער פרידן־גאס, און איינ־געזעגט פון דער צווייטער זייט. דער שניט און דער איינגעז־

זעגטער טייל גלייכן זיך בעערעך צו דער גרעב פונעם שטיינערנעם וואָרצל (טאקע דער שטיינערנער, ווייל בראָנזע איז בלויז א דינער פלאסט). ווען דאָס דריי־הענטל וועט אָנהייבן ארבעטן, דארף די קאָלאָנע זיך א בויג טון באַם פונדאמענט און פאלן אפן אויס־געשפרייטן סכאך און מיסט, וואָס זיינען פאר איר צוגעגרייט געוואָרן אונטן. העיויס ווי זי האלט פיר און דרייסיק מעטער אין דער הייך, וועט זי בעייסן פאלן ניט אָנרירן אפילע דעם אָנהייב פון דער פרידן־גאס.

מיר גייען פארביי דער באריקאדע און לאָזן זיך צום יוסטיץ־מיניסטעריום. דאָרט וואַרטן אף אונדז אונדזערע בעסטע פריינט. קימאט יעדן אינדערפרי גיי איך אהינצו פרישטיקן. צום טיש ווערט געגרייט אין זאל פונעם ערשטן שטאָק, וואָס גייט ארויס צום פלאַץ צו. אף איינעם פון די ווענט הענגט א בילד פונעם קינסטלער דאביניע — א פעלד מיט צייטיקע זאנגען, וועלכע עס שניידט א שיין מיידל, א נידעריקער הימל און א גרופע ביימער.

— אין איין שיינעם טאָג וועל איך פארוויקלען דעמדאָזיקן דאביניע און אים אוועקטראָגן,—זאָגט איך לאכנדיק צו פאטאָ, וועל־כער פארנעמט געוויינלעך דאָס אָרט פונעם פאָרזיצער.

## ארנו

# די העלדן פון דער קאָמונע

אראָפּ די היטלען! איך וועל ריידן פון די הייליקע פון דער קאָמונע!

וויפל זיינען זיי געווען? — קיינער קען ניט איבערציילן!

פרעגט וועגן דעם די גאסן פון פאריז, די מיטראליעזן פון די קאזארמעס אין לאבאָ, די שאָמאָנער הייכן, שאטלע, די פאר־בלוטיקטע קוואָרים־שטיינער אין פער־לאשעז, די גרינע סקווערן,

וואָס זײַנען פֿאַרקערט געוואָרן צו בייסאַלמענס, ווי פֿון אונטער דער פֿרישער ערד, פֿון די נאָר וואָס פֿאַרשאָטענע קוואָרים, האָט זיך באַנאַכט געהערט דאָס כאָרכלען פֿון שטאַרבנדיקע.

דאָס בלוט האָט גערינען טײַכנווײַז. די וואַסערן פֿון סענא זײַנען געוואָרן רויט. די גופֿים פֿון די געהאַרגעטע זײַנען געלעגן אױף די גאַסן אָנגעוואַלגערט איינער אױף דעם אַנדערן אױף אַ שטרעקע פֿון אַ סך טויזנטער קוואַדראַטנע מעטערן. די רעדער פֿון די ווערסאַלער האַרמאַטן זײַנען ביז די סאַמע אַקסן געווען אַרומגעקלעפּט, ווי מיט בלאָטע, מיט פֿאַרבאַקט בלוט און מיט שטיקער מאַרך.

פֿופֿצן טעג נאָכאַנאַנד האָט מען געשאָכטן אָן שום געריכט. פּאַריז איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין אומגעהײַער שעכטהויז.

ווען דאָס אַלץ האָט זיך געענדיקט, איז די גרויסע שטאָט געמינערט געוואָרן אױף הונדערט טויזנט אײַנוווינער — געהאַרגעטע, געפֿאַנגענע, אַנטלאָפֿענע. פֿון אײניקע צעכן איז ניט פֿאַרבליבן קיין איין אײנציקער מענטש — ווען דעם זאָגט אײדעס דער מוניציפּאַלער ראַט אַליין אין אײנעם פֿון זײַנע אָפֿיציעלע באַריכטן.

יאָ, דאָס איז ווירקלעך געווען אַ סודע פֿאַר דער פֿראַנצויזישער בורזשואַזיע: אונדזערע גרויסע גענעראַלן באַלעקן זיך נאָך אַדאַיעם, בעיס זיי דערמאָנען זיך אָן דעם.

טיער — אָט דער עקלהאַפֿטער קאַרליק — איז אַזויווי אָפּגעיונג געוואָרן, נאָכדעם, ווי ער האָט זיך אויסגעבאָדן אין אָט דער באָד פֿונעם פֿאָלקס בלוט.

מע האָט קיין זאַך ניט געזשאַלעוועט צוליב אָט דער קאַפּיטאַליסטישער ווילד־געוואָרענער סימכע. דאָס איז שוין געווען איינמאָל אַ סודע! מע האָט צעשאָסן פֿרויען, יונגע און אַלטע, מוטערס מיט קינדער, קינדער אָן מוטערס, מוטערס אָן קינדער און — וואָס נאָך פֿרייליכער — מע האָט צעשאָסן אומבאַוואָפֿנטע — זקיינים, קראַנקע, וואָס האָבן געהאַלטן בײַ שטאַרבן. אין די שפּיטאָלן האָט מען די אַמפּוטירטע אויפֿגעהויבן אױף די שפּיזן און אַרויס־

געוואָרפֿן זיי דורך די פֿענצטער גלײַך אין די ריטשקעס בלוט, פונקט ווי הינטלעך, וואָס קוויטשען און וואָיען.

יאָ, דאָס איז געווען פּראַכטפֿול!

די געשווױרענע זשורנאַליסטן און די פֿאַרפּוצטע געסינס פֿון פֿאַרגעניגן זײַנען געלאָפֿן שמעקן די טויטע קערפּערס. די דאָזיקע איידעלע פֿרויען האָבן אַרײַנגעשטעקט אָפּטמאָל די שפּיצן פֿון זייערע שירעמס אין די אָפֿענע וווּנדן פֿון נאָך לעבעדיקע מענטשן.

זשיול פֿאַוור, אָט דער נאָכמאַכער פֿון פֿאַלשע פּאַפּירן, איינגאַנצן פֿאַרשפּריצט פֿון מיליערס בלוט, האָט פֿאַרכידעשט די וועלט מיט די אופֿטוען פֿון זײַן אַכזאָריעסדיקער מעשוגאַס. און די מאָנאַרכיסטישע אייראָפּע, וועלכע האָט זיך אָפּגעזאָגט אַרויסצוגעבן אים די אַנטלאָפֿענע, האָט עס געדאַרפֿט אין אים אַרויסרופֿן בושע!

מאַרקיז גאַליפֿע האָט געשאָכטן, ווײַל ער איז געווען נידערטרעכטיק. „איצט איז מײַן טאָג!" — האָט ער געזאָגט. אים האָט זיך געוויס אויסגעוויזן, אַז צוליב גאַזלאָנישע מײַסים פֿונעם מאַן, וועט מען מויכל זײַן די אויסגעלאַסנקײַט און זינד פֿון זײַן פֿרוי, וועלכע האָט קאָנקורירט מיט דער געוועזענער קייסערין — יעווגעניע.

ווינוא, סיזי, די מאַק־מאַגאָנעס און אַלע איבעריקע גענעראַלן פֿון דער אימפּעריע האָבן מיט ביקס־זאַלפֿן אָפּגעגעבן דעם פֿאָלק דעם שטויס מיט די פֿיס, וועלכן זיי האָבן פֿון הינטן געכאַפּט פֿונעם זיגרײַכן פּרײַסן, וואָס האָט זיי געשלאָגן נאָר פֿונהינטן, ווײַל אַנדערש האָט מען זיי ניט געזען.

אַלעקסאַנדער דיומא — דער זון, דער דיכטער פֿון גאַסן־פֿרויען, דער פֿאַרטיידיקער פֿון רעליגיע, אייגנטום און בורזשואַזער פֿאַמיליע, וואָס איז געבויט אַף זנוס און שאַנד־הויז, האָט דערקלערט, אַז „אַ זי פֿון אַ קאָמונאַר איז ענלעך צו אַ פֿרוי נאָר דעמאָלט, ווען זי איז געקוילעט".

ווריניאָ, דער הויפּט־רעדאַקטער פֿון „געזעלשאַפֿטלעכע נוצן" און געליבטער פֿרײַנט פֿון טיערן, האָט זיך באַרימט, אַז מיט

זײַנע אײַזערנע הענט האָט ער געהאַרגעט דרײַסיק פּעדעראַ־ליסטן — זעלבסטפאַרשטענדלעך, פון די אין קייטן־געשמידטע געפאַנגענע, אָדער פון די פאַרוווּנדעטע.

די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג, גלײַך ווי זי וואָלט אויסגעגאָסן פון אומגעווּלד איינצושמירן זיך אין אָט דעם גאַנצן בלוט, האָט דעקרעטירט אַ דאַנק־אַדרעס דער ווערסאַלער אַרמיי און האָט אײַנשטימיק, בלויז בײַ איין אָפּגעהאַלטענעם — דערקלערט, אַז די טאַליאָנים פון פאָלק זײַנען „די רעטער פון פאָטערלאַנד".

„פּאַריזער זשורנאַל" האָט דעם 5־טן יולי, 1871 יאָר אָפּגע-דרוקט פאָלגנדיקן דיאַלאָג:

— „וואָס ווילט איר אָנקוקן — זאָגט אַ מוטער צו אירע טעכ־טער — די רויִנען, צי די טויטע?

— אוי, מאַמעניו, מיר ווילן ביידע זאַכן, ביידע!

— ווען מיר טון אָט־וואָס: מירן צוערשט פאָרן אָנקוקן די טויטע... אָבער איבערבײַסן וועט שוין אויסקומען אַזוי זיך, ווי ס'ניט איז.

— נישקאָשע, מאַמעניו: מירן מיטנעמען מיט זיך צו שטיק־לעך ברויט!

— גוט. און אויב איך וועל ניט שטאַרק מיד ווערן, וועלן מיר גיין קוקן אַף די סריפעס. דאָס וועט זײַן אונדזער דעסערט.

און פאַר פרייד האָבן די מיידלעך אָנגעהויבן פּאַטשן מיט די הענט".

וואָס פאַר אַן אויסגעצייכנטן פּאָרטרעט האָט דאָ די בורזשו־אַזיִע געמאָלט פון זיך אַליין!

יאָ, מיידעלעך! אָט די גופים, וואָס איר גייט אַף זיי קוקן, קלאַטשנדיק פון פרייד מיט די הענט, זײַנען גופים פון פאָלק, פון דעם פאָלק, וואָס האָט מיט זײַן מי געשאַפן אײַער רײַכקייט, וואָס אויסגעשאָכטן האָט מען אים דערפאַר, ווײַל ער האָט מער ניט געוואָלט לײַדן, אַז זײַנע אייגענע טעכטער זאָלן שטענדיק

דארפֿן אויפֿקלײַבן צווישן הונגער, זעלבסטמאָרד און פּראָסטי־טוציע.

* * *

א גאנץ פֿאָלק איז געזעסן פֿארשלאָסן אין די ווענט פֿון זײַן שטאָט. קיין ארויסגאנג האָט עס אינערגעץ ניט געהאט, ווײַל די ארמייען פֿון די פֿארבינדעטע—פֿון די ווערסאלער און די פּרײַסן—האָבן געהיט אלע טויערן.

און אָט שרײַט צו אָט דעם פֿאָלק די צעווילדעוועטע רעאקציע:

— וואָס דו זאָלסט ניט טון, ביסטו סײַוויסײַ פֿארפֿאלן! וועט מען דיך נעמען מיט געווער אין די הענט, ווארט אַף דיר—טויט! וועסטו בעטן ראכמים—טויט! וווהין דו זאָלסט זיך ניט קערן, וווהין דו זאָלסט זיך ניט א וואָרף טון מיטן אויג—רעכטס, לינקס, פֿאָרויס, צוריק, ארויף, אראָפּ—טויט! דו ביסט ניט נאָר אויסערן געזעץ, דו ביסט אויסער דער מענטשהײַט. ניט דײַן עלטער, ניט דײַן געשלעכט וועלן ניט ראטעווען — ניט דיך, ניט די דײַניקע, מע וועט דיך טויטן. נאָר פֿריִער וועסטו זיך אָנזעטיקן מיט גסיסע־לייד פֿון דײַן פֿרוי, שוועסטער, מוטער, טעכטער, זין און אפֿילע וויג-קינדער.

— טויט! טויט! טויט!

נעכטן האָט מען געפֿעסטעט און געגלעט דעם פּרײַסישן סאָלדאט — א געפֿאנגענעם האָט מען אים געהאָדעוועט, באצויגנ זיך צו אים מיט דער גרעסטער אופֿמערקזאמקײַט. א פֿארוווּנדעטן האָט מען אים געהיילט מיט דער גרעסטער געטרײַשאפֿט און ליבע. און אזוי טאקע האָט מען באדארפֿט טון, ס'איז דאָך געווען א מענטש — האגאם אין דעם מאָמענט האָט ער אין זיך פֿארקער־פּערט מעגושעמדיקע קראפֿט, וואָס דינט דינאסטישע סינע און גײַווע. די היטלען אראָפּ פֿאר אָט דעם סוינע — פֿאר דעם בייזן הונט, אָנגערייצטן דורך ביסמארקן! זשיול פֿאוור וועט גיין טרערן גיסן בא די פֿיס פֿון אָט דעם גרויסן מענטשן, טראשיו און טיער

וועלן זיך שעצן גליקלעך, אויב ס'וועט זיך זיי איינגעבן נאָכן שלאַכט צו דריקן אים די האַנט, די האַנט וועלכע האָט געשטיקט די רעוואָליוציע אין פראַנקרייך. אָבער דו, בירגער פון פראַנקרייך, דו, וואָס ביסט אופגעשטאַנען צו פאַרטיידיקן רעכט און גערעכטי־קייט, דו, וואָס ערשט נעכטן האָסטו פאַרטיידיקט פּאַריז פון דער רויבערישער מילכאָמע, ווען ווילהעלם האָט אונטערגעכאַפּט די קייסערלעכע קרוין, וואָס באָנאַפּאַרט האָט פאַרלוירן אין דער בלאָטע פון סעדאַן — דו, וואָס גאַרסט איינצושטעלן ברודערשאַפט פון פעלקער און וועלט־סאָלידאַרישקייט, דו, וואָס באַגערסט גליק פאַר פראַנקרייך און פאַר דער גאַנצער מענטשהייט, דו, וואָס די גרויסקייט פון דיין לאַנד ווילסטו בויען אַף יעסוידעס, וועלכע זאָלן זיכערן דעם גליק פון דער גאַנצער וועלט — דו ביסט אַ פאַרשטויסענער, דו ביסט אַ פאַרמיִעסטער! פאַר דיר איז קיין גערעכטיקייט ניטאָ.

דיין האַנט איז מיִעס, און וואָלסטו זי אויסגעשטרעקט אַף צו בעטן ראַכמים, וואָלט מען זי דיר אָפּגעהאַקט, אָנשפּייענדיק דיר אין פּאָנעם.

טויט דיר, מוירעד! טויט דיר, סאָציאַליסט! טויט דיר, קאָמו־נאַר! טויט דיר, דיין נעקייווע־ווייב און די פון איר בויך געבוירענע.

* * *

טויט! טויט! טויט!

נאָר וואָס־זשע זיינען עס געווען פאַר מענטשן, אָט די, וועמען די פּראָיִם פון די הערשנדיקע קלאַסן האָבן מיט אַזעלכע ווילדע פרייד־געשרייען צוגעבונדן צום שאַנד־סלופּ? וואָס זיינען עס געווען פאַר מענטשן, וואָס די בורזשואַזיִע האָט מיט דולער סימכע פון רויטהויטיקע מענטשנפרעסער, געפּייניקט מיט אַן אַכ־זאָריִעס, וואָס האָט איבערגעשטיגן אַלע שכיטעס, וועלכע זיינען ביז אַהער געווען באַוווּסט?

אייניקע נעמענ שווימענ ארופ אפ דעמ איבערפלאכ פונ די בלוטיקע כוואליעס, וואס זײַנענ געיאָגט דורכנ שטורעמ פונ רעאק־ציאָנערנ שיגאָענ, עגאָיסטישע אינסטינקטנ און נעקאָמע־פּאכ־דאָנעס.

לאָמיר זיכ צוקוקנ צו דידאָזיקע מענטשנ. ווײַל פונ זיי וועלנ מיר קענענ פארשטײנ אויכ די איבעריקע, יענע גרויסע אָננאָמענ־דיקע מאסע, וואס אפ דער אָנפראגע פונ דער געשיכטע וועט זי ענטפערנ:

„דער נאָמענ מײַנער איז — פאָלק!"

אָט האָט איר דעמ ערשטנ:

## דעלעקליוז

א זאָקנ מיט א ווײַסנ קאָפּ, א דארער, מיט ענערגישע שטריכנ פונ געזיכט און מיט שטאָלצנ בליק, א מוסטער פונ ערלעכקײַט און זויבערקײַט, א יאקאָבינער, אזוי ווי אויסגעגאָסנ פונ טנ מאָדעל פונ די בראָנזענע פיגורנ פונ די קאָנווענט־לײַט, פונ וועלכע ער איז איינ אונדזערע טעג געווענ דער לעצטער, אָבער ניט דער ערגסטער פאָרשטייער.

דאָס גאנצע לעבנ זײַנס איז געווענ אנ אומופהערלעכער קאמפ פאר דעמ, וואס ער האָט גערופנ רעכט, יושער און עמעס.

ניט די דורכפאלנ זײַנע, ניט די רעדיפעס, — אינ דער צײַט פונ דער אימפעריע איז ער געווענ פארשיקט קיינ קאיענע (קאטאָרגע) — ניט זײַנע ליידנ, פיזישע און מאָראלישע, ניט די יאָרנ, — קיינ זאכ האָט ניט געקענט אָפּשוואכנ זײַנ גלויבנ און זײַנ אויסערגעוויינלעכע געטרײַע איבערגעגעבנקײַט.

קעדיי צו האָבנ א מעגלעכקײַט בעסער צו דינענ דער רעוואָ־ליוציע, האָט ער זיכ אָפּגעזאָגט פונ פאמיליענ־לעבנ, האָט קיינמאָל ניט כאסענע געהאט און האָט געלעבט צוזאמענ מיט זײַנ מוטער און שוועסטער.

ער האָט קיינמאָל ניט געוווסט פון קיין ספייקעס, פון פאַר־מאטערטקייט און אפילו פון מידקייט. ער האָט געלעבט און איז געשטאָרבן אָן פורכט און מיט א ריינעם געוויסן.

באזונדערס שיין איז געווען זיין סאָף. געשיקט צוערשט פאַר א דעפוטאט קיין באָרדאָ, איז ער דערנאָך געווען אויסגעקליבן אין דער קאָמונע און איז אָן שום וואקלענישן געקומען אהין, וווהין ס'האָט אים גערופן זיין פאָלק.

און געהערט האָט ער דאפקע צו א זאָר, וועלכער איז גע־ווען אפ דורכ־און־דורכ דורכגעדרונגען מיט די אידייען פון איינהייטלעכער רעגירונג־דיקטאטור. דורכגעדרונגען מיט גלויבן אין דער מעלוכע און ווייניק באקענט מיט סאָציאלע פראגן. גאָר איננגיכן האָט ער געקענט שוין באמערקן, אז די זאך, פאר וועל־כער ער האָט אָפגעגעבן זיין לעבן — די זאך פון דער קאָמונע — גייט זיך אמאָל פאנאנדער מיט אייניקע פון זיינע טייערסטע איבערצייגונגען.

דעלעקליוז האָט אָבער העכער פון זיינע איבערצייגונגען גע־שטעלט די רעוואָליוציע. אין אָט דעם אייזערנעם מענטשן איז ניט געווען קיין סימען פון א דאָקטרינער. דאָס איז געווען א פאנאטיקער, אָבער ניט קיין דאָגמאטיקער. ער איז ניט געווען פון די, וואָס פארהאמערן די רעוואָליוציע אין איין פאָרמול און שרייען אויס. „אויסער מיין אנימיימען איז קיין אויסלייז נישטאָ".

אָט פארוואָס ער האָט קלאָר פארשטאנען די פראָגראם פון דער קאָמונע, האָט ענדלעך מיט איר איינגעשטימט און האָט אָנגענומען אלע אירע אויספירן אין זייער גאנצער קראפט און פולקייט, האגאם לעכאטכילע איז ניט מיט אלע שטרעבונגען פון די קאָמונע־קעמפער האָט ער מאסקים געווען, האגאם אייניקע פון די שטרעבונגען זיינען, אָדער אינגאנצן געווען קעגן זיינע איבערצייגונגען, אָדער, אופדעקנדיק נייע זייטן אין די געשטעלטע פראגן, האָבן זיי ארויסגערופן ספייקעס און אומרו אין זיין

מויעב, וועלכער איז געוועג געווינט גאָר צו אנדערע פֿאָרשטע־לונגען און באַגריפֿן.

זײַנע אָרגאַנישע, אַזוי צו זאָגן, סימפּאַטיעס האָבן אים ניט געצויגן צו דער קאָמונע, דאָרט איז אָבער געווען דאָס פֿאָלק, דאָרט איז געווען דער ווילן פֿון פֿאָלק.

און צו דעם האָט דעלעקליוז זיך געבויגן און אונטערגעוואָרפֿן מיט דער גרעסטער גוורע.

באַנאַנד מיט דעלעקליוזן שטייט, גרויס ווי ער, האָגאַם דער הייפּעכ זײַנער —

## וואַרלען

א זון פֿון פֿאָלק און א קינד פֿון אייגענע ראַיוינעס און מאַכ־שאָוועס.

ער איז געבוירן געוואָרן אין 1820 יאָר בײַ אָרעמע פּויערים פֿון דעפּאַרטאַמענט סענא און מייאַרנאַ. אַפֿן דרײַצנטן אָדער פֿערצנטן יאָר איז ער געקומען קיין פּאַריז און דאָרט איז ער אָנגעקומען פֿאַר א לערן־ייִנגל צו אַן אײַנבינדער.

ער האָט נאָך דעמאָלט ניט געקענט ניט לייענען, ניט שרײַבן. דאָך האָט בײַ אים געקלעקט ענערגיע צו זעלבסטבילדונג, פֿאַר וועלכער ער פֿלעג אָפּרײַסן צײַט פֿון יענע קנאַפּע אָפּרו־שאָען, ווען ער איז געבליבן פֿרײַ פֿון דער אַרבעט אין וואַרשטאַט.

דעלעקליוז, וועלכער איז געווען פֿון א בורזשואַזער אָפּשטאַ־מונג און האָט באַקומען א יאַקאָבינישע דערציִונג, האָט אין זיך פֿאַרקערפּערט א רעוואָליוציאָנער פֿון אַלטן שניט, וואָס דעם סאָציאַליזם האָט ער אופּגענומען נאָר מאַכמעס דער געטרײַשאַפֿט זײַנער די אינטערעסן פֿון פֿאָלק און פֿון גערעכטיקײַט.

וואַרלען, פֿאַרקערט, איז די פֿאַרקערפּערונג פֿון דער רעוואָ־ליוציע. ער געהער אינגאַנצן דעם קעמפֿנדיקן סאָציאַליזם, וואָס צווישן אַלע זײַנע פֿאָרשטייער וועט וואַרלענס געשטאַלט שטענדיק

פארבלייבן איינע פון די ליכטיקסטע, פון די איידלסטע און ריינ־דיקסטע.

זיין רעוואָליוציאָנערע טעטיקייט האָט ער אָנגעהויבן אלס הויפט־טוער פון דער „געזעלשאפט פאר ווידערשטאנד" בא די ארבע־טער פון איינבינדעריען. דערנאָך איז ער געוואָרן דער גרינדער פון די ערשטע סאָציאַליסטישע גאָרקיכן אין פאריז און לעסאָפּ איז ער געוואָרן איינער פון די ערשטע מיטגלידער און אומער־מידלעכסטע אגיטאטאָרן, וואָס האָבן אין פראנקרייך געפריידיקט אין פארשפרייט דעם אינטערנאציאָנאל.

אלע געדענקען נאָך איצט, ווי שטאָלץ און דרייסט ער האָט זיך געהאלטן פארן אימפעריישן טריבונאל, ווען נאפּאָלעאָן דער דריטער, איבערציינגנדיק זיך, אז ס'וועט אים ניט געלונגען ניט צו פארפירן דעם אינטערנאציאָנאל און ניט ארייננצונעמען אים אין זיינע הענט, האָט גענומען קעמפן מיט אים, קעדיי אים צו פארניכטן.

מיט וואַרלענען האָב איך זיך צום ערשטן מאָל באקענט אין רעדאקציע פון „מארסעליעזע".

איך וועל קיינמאָל ניט פארגעסן אָט דעם יונגן, שיינעם קאָפּ, וואָס איז שוין געווען פארדעקט מיט גרויע האָר, אָט די האר־ציקע און רויִקע שטימע, אָט דעם טיפן קוק פון די שווארצע אויגן און דאָס האלטן זיך, פול מיט זעלבסטכשיוועס.

געזעדט האָט ער ווייניק, פלעגט קיינמאָל אין קאס ניט ווערן. אין אים איז געווען פארייניקט גרויסמוטיקייט פון א העלד און צאאר פון א דענקער.

וואַרלענס ראָל אין דער קאָמונע איז באוווּסט.

גערעדט האָט ער דאָרטן ווייניק, נאָר געטון האָט ער אסאך. אין דער קאָמונע האָט ער זיך מערסטנטייל באשעפטיקט מיט פינאנץ־אָנפירונג — צוזאמען מיט זשורדן, — שפּעטער האָט ער זיך פארנומען מיט דער מיליטער־ווירטשאפט, ווי ער האָט געהאט א מעגלעכקייט אין דער פולער מאָס אויסצונוצן זיינע געוואלדיקע אָרגאניזאטאָרישע פעיִקייטן.

בעייס די ווערסאלער זײַנע אריין אין פאריז, האָט ער העלדיש געקעמפט ביז לעצט, און איז צום סאָף גענומען געוואָרן אין געפענקעניש דורך די באזיגער פון דער קאָמונע.

מיט הענט פארבונדן אף צוריק, באגלייט מיט קלעפ און זידלערײַען פון דער נידערטרעכטיקער מאכנע, וועלכע האָט גע־טאנצט ארום אים, א באשפיגענעם, א פארגאָסענעם מיט בלוט און מיט בלאָטע, האָט מען אים מער פון 2 שאָ ארומגעפירט איבער די גאסן פון מאָנמארטר, קעדיי מיט א באזונדער אכזאָריעס צו פארלענגערן זײַנע טויט־ליידן.

נאָר אפילע אָט דאָס שווערע פײַניקן האָט ניט געבראָכן זײַן מעכטיקע נאטור.

א בלאסער און א רויִקער, אָן איין וואָרט, אָן איין באוועגונג פון אומגעדולד, פון קאאס אָדער שוואכקײַט, האָט ער מיט זײַן טיפן קוק באטראכט די טאליאָנים.

ענדלעך האָבן די קוילן געמאכט א סאָף פון זײַנע ליידן.

ער איז געווען אזוי דערהויבן אין זײַן דרייסטקײַט, אז אפילע די סאָנים זײַנע און די טאליאָנים האָבן עס געמוזט באַ־וווּנדערן.

אָט דערציילט וועגן זײַן טויט, דאפקע א רעאקציאָנערער זשורנאל פון יענער צײַט:

„וואַרלען, וועלכן מע האָט ארעסטירט אף דער גאס לאפאיעט, איז אוועקגעפירט געוואָרן צו מאָנמארטר.

די מאכנע ארום אים האָט געהאלטן אין איין וואקסן, אזוי אז ס'האָט מיט גרויסע שוועריקײַטן קאם געלונגען צו דערגרייכן ביז צופוסנס פון די מאָנמארטר־הייכן. דאָ האָט מען דעם גע־פאנגענעם געבראכט צו עפעס א גענעראל, וואָס דער נאָמען זײַנער איז בא מיר ארויס פון זיקאָרן. דער וואכ־אָפיצער איז צוגעגאנגען צום גענעראל און האָט אים עפעס שטיל א זאָג געטון אפן אויער. יענער האָט אים געענטפערט:

— דאָרט, הינטער אָט דער וואנט!

אויטער אָט די פיר ווערטער האָב איכ גאָרניט געקענט כאפנ און, האגאמ דער באטײַט זייערער האָט ניט געקענט ארויסרופנ קיינע ספּייקעס, האָט זיכ מיר דאָכ געוואָלט ביזנ סאָפ זענ דעמ לעצטנ לעבנס־אקט פונ איינעמ פונ די שענער פונ אָט דער שרעקלעכער דראמע... די נעקאָמע פונ דער געזעלשאפט האָט אָבער באשלאָסנ עטוואָס אנדערש.

בעייס מע האָט צוגעפירט דעמ פארמישפּעטנ צומ אָנגעווי־זענעמ אָרט, האָט עפּעס א קאָל פונ דער מאכנע, וואָס איז גלײַכ אונטערגעכאפּט געוואָרנ פונ אנדערע, אויסגעשריענ: „צו פרי! מע דארפ אימ נאָכ אביסל ארומפירנ!״

די טרויעריקע פראָצעסיע האָט זיכ ווידער געלאָזט אינ וועג. מ׳איז געקומענ אפ דער ראזיע, האָט אָבער דער הויפּט־שטאב, וואָס האָט זיכ געפונענ אפ דער גאס, ניט דערלאָזט דאָ די האריגע.

מע האָט געמוזט ווידער זיכ אומקערנ צומ מאָנמארטר אונטער דער באגלייטונג פונ דער גאנצער מאכנע, וואָס איז אפ יעדנ שריט געוואָרנ אלץ גרעסער.

דאָס בילד איז געוואָרנ מיט יעדער רעגע אלץ גרויזאמער. אָט דער מענטש, וועלכער האָט פונ אָנהייב אָנ געוווסט, וואָסער א גורל עס ווארט אפ אימ, איז געגאנגענ מיט אזעלכע זיכערע און פעסטע טריט, אז, ניט געקוקט אפ אלע פארברעכנס, וואָס ער האָט געקענט באגיינ, האָט דער צושויער ניט ווילנדיק אָנגע־הויבנ לײַדנ אליינ, אימ מיטצופילנ, זעענדיק פאר זיכ אזא שווערע און לאנגע גסיסע.

נאָר אָט איז דער פארמישפּעטער, ענדלעכ, געקומענ צומ אָרט, ווו מע האָט אימ געדארפט טויטנ. מע שטעלט אימ צו דער וואנט. ביז אָבער דער אָפיצער האָט אויסגעשטעלט די סאָלדאטנ און זיכ געגרייט אָפּצוגעבנ א באפעל צו שיסנ, האָט איינער פונ די סאָלדאטנ — פארשטייט זיכ, נאָר צוליב זײַנ ניט קענענ באגיינ זיכ מיט דער ביקס — אָפּגעלאָזט דאָס צינגל. די ביקס האָט אָבער

ניט אויסגעשאָסן. אין דערזועלבער רעגע האָט זיך דערהערט א זאַלפּ און וואַרלען איז אומגעפאַלן.

די סאָלדאַטן, מוירע האָבנדיק, אז ער איז נאָך ניט געשטאָרבן, האָבן זיך א וואָרף געטון, קעדיי צו מאַכן מיט אים א סאָף מיט דער הילף פון די ביקס־הענטלעך. דער אָפיצער האָט זיי א זאָג געטון: „געבוג! איר זעט דאָך, אז ער איז געשטאָרבן!“

אזוי דערציילט א סוינע, איינער פון יענע כאַיעס, וואָס האָבן זיך מיט אזא ווילדער בייזקייט א וואָרף געטון אַפן באַזיגטן פאָלק און וואָס אַפ טויט־שטראָף זיינען זיי געלאָפן קוקן, ווי אַפ א יאַנטעוו.

אָט די באַשרייבונג, כאָטש זי איז בעקיוון געלינדערט, דערציילט וועגן דער נידערטרעכטיקער אכזאָריעס פון די טאַליאָנים און וועגן דער העלדישקייט פונעם קאָרבן אסאך מער, ווי ס'וואָלטן געקענט וועגן דעם דערציילן גאַנצע בענדער.

דאָס איז א לעבעדיק בילד, וואָס פאַרגעסן עס איז אומעגלעך.

אָט דאָס איז געווען דער סאָף פון וואַרלענען, וואָס זיין לעבן, באַקרוינט מיט מאַרטירערשקייט, איז אינגאַנצן געווען אָפּגעגעבן דעם קאַמף פאַר רעכט און גערעכטיקייט.

איך האָב זיך אזוי לאַנג אָפּגעשטעלט אַפ דידאָזיקע צוויי פיגורן דערפאַר, ווייל זיי פאַרקערפּערן אין זיך פולשטענדיק צוויי זייטן פון דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג און קענען אָנגערופן ווערן די צוויי ענדפּונקטן פון דער פּאַריזער קאָמונע.

דעלעקליוז — דאָס איז א בורזשואַזער יאַקאָבינער, וועלכער האָט פאַרגעסן זיין אָפּשטאַמונג, זיין דערציִונג, זיינע אינסטינקטן און קלאַסן־טראַדיציעס און איז געוואָרן א סאָציאַליסט, קעדיי צו פאַרייניקן זיך מיטן פאָלק, גיין צוזאַמען מיט אים אויסקעמפן סאָציאַלע פרייהייט.

וואַרלען — דאָס איז גופע דאָס יונגע פאָלק, וואָס הייבט ערשט אוף דעם קאָפּ, וואָס באַהערשט די וויסנשאַפט און מיט העלדישן שווונג ווערט ער איינס מיט סאָציאַלער רעוואָליוציע, וואָס פון

איר איז ער דער געטרײַער און גאַטירלעכער פאָרשטייער, פון איר איז ער — דאָס בלוט און פלייש.

דער ערשטער זאָגט צו דער קאָמונע: „דו ביסט — גערעכ־טיקייט!"

דער צווייטער זאָגט אָן דער פאַרכידעשטער וועלט: „דאָס פאָלק איז גרייט!"

נאָר וויפל שטויסן זיך אינעם זיקאָרן נאָך אַנדערע נעמען, וואָס פאַרדינען דעמזועלבן אפּאָפּעאָז; וויפל אַנדערע פיגורן, וואָס פאַרקערפּערן דיזעלבע טיפּ און דערהויבנקייט, וואָס כאַזערן איבער דיזעלבע ווערטער, דערוויַיזן דיזעלבע עמעסן!

ווער קען זיי פאַרגעסן, —

## דיוואַלן און פלוראַנסן

איינער פון זיי איז אַ פּאָשעטער אַרבעטער, אַזויוי וואַרלען. דער צווייטער איז אַ זון פון איינעם פון די הויכגעשטעלטע גע־לערנטע פון זײַן צײַט, אַ זון פון נעם פּראָפעסער, אַקאַדעמיקער, מיטגליד פון אינסטיטוט — פלוראַנס.

ביידע האָבן זיי אָפּגעגעבן זייער לעבן פאַר איינער און דערזועלבער זאַך. און זיי וואָלטן איר געבראַכט אויך ניצאָכן, ווען די העלדישקײַט, מיט וועלכער זיי האָבן געדינט דער גערעכ־טיקייט, וואָלט געווען גענוג אָפּ צו טריִומפירן איבער דער כיטרער אָרגאַניזאַציע פון דער בורזשואַזער מעלוכע, אָט דעם הונדערטהענטיקן ריז, וואָס שטייט אָפּ דער וואַך פון פּריווילעגיעס און עקספּלואַטאַציע — קעגן יושער און עמעס.

ביידע זײַנען זיי געווען יונג. ביידע האָבן זיי, ווי דעלעקליוז און וואַרלען, געאַרבעט אין דער קאָמונע. ביידע זײַנען זיי גע־ווען קאָמאַנדירן פון באַזונדערע טיילן, בעיים דער דיווערסיע דעם 3־טן אַפּריל, ווען פּאַריז האָט מיט איינהײַטלעכן דראַנג אין באַגײַסטערונג געשטעלט אָפּ די פיס ווײַנע צוויי הונדערט

טויזנט מענטשן, וועלכע טיער האָט פאַרגעשטעלט פאר פראנקרײַך, ווי „א הײַפל ראָצכים, אנטלאָפענע פון קאטאָרגע".

גיוסטאוו פלוראנס איז שוין פון לאנגאָן באַרימט געווען מיט זײַנע דרייסטע קאמפן קעגן דער אימפעריע. א וואנדער־ריטער פון דער רעוואָליוציע, איז ער געפאָרן קיין קאנדיע צו קעמפן קעגן דעם טערקישן דעספּאָטיזם פאר דעם אופגעשטאנענעם גריכישן פאָלק. קומענדיק צוריק קיין פאריז, האָט ער ווידער אָנגעהויבן פירן זײַן קאמף אין „מארסעליעזע" און אפ עפנטלעכע פארזאמלונגען. בעיס דער באלאגערונג האָט ער, א קאָמאנדיר פון א באטאליאָן, געמאכט א פרווו צו ראטעווען פאריז און די רעפובליק. די רעגירונג פון „פאָלקס־פארטיידיקונג", וואָס ער האָט איבער זײַן שוואכקײַט געשאנעוועט, האָט אים פארזעצט אין מאזאס, און פון דאָרט האָט אים דאָס פאָלק באפרײַט דעם 21־טן יאנוואר.

4־טן אפריל האָט אים אין ריועל פלוצלינג פארנומען א זשאנדארם־טייל, וועלכע האָט ארומגערינגלט דאָס הויז, ווו ער האָט געוואָלט אָפּרוען עטלעכע מינוט. ער האָט זיך געפרווט פארטיידיקן, נאָר איינער א קאפיטאן, מיטן נאָמען דעמאָרטע, האָט אים צעשפּאלטן דעם שארבן מיט אזא האסטיקן קלאפ פון שווערד, אז עס האָט ארויסגעשפריצט מארך פונעם קאָפּ.

דעם קערפער זײַנעם האָט מען ארײַנגעוואָרפן אין א קאסטן און אוועקגעשיקט קיין ווערסאל, ווו ס'זײַנען געלאָפן קוקן אפ אים די גרויסארטיקע דאמען, אָט די „צויגן" (ווי עס רופט זיי אָן דער דיכטער אין זײַן צאָרנדיקער ליד [1]), וועלכע זײַנען געלאָפן לעקן דאָס בלוט פון די פארוווּנדעטע און דעווערן די ווונדן פון די געפאנגענע.

„מיט געשניצטע הענטלעך פון זײַדענע שירעמס"...[1])

דיוואַל איז געווען א אינטערנאציאָנאליסט — א פאַשעטער מעטאל־גיסער. ערשט עטלעכע טעג איז ער געזעסן אין דער

[1]) וו. הוגא

קאַמונע, און שוין האָט ער צוגעצויגן צו זיך אַלעמענס אויפמערק־זאַמקייט מיט זיין ענערגיע און טעטיקייט, מיט זיין רויִקער דרייסטקייט.

אף דער פאַרזאַמלונג איז מיר אויסגעקומען צו זיצן לעבן אים. ווייניק האָב איך באַגעגנט אַזוינע מענטשן, ווייניק געזען אַזוינע, וואָס אויף פּנים זייערן זאָל זיך אַזוי קלאָר אָפּשפּיגלען די גרויסמוטיקייט, איידלקייט און אָפּפערוויליקייט פון זייער נאַטור.

ער איז נאָר אַדורכגעגאַנגען איבער דער היסטאָרישער סצע־נע, — צו קומען און שטאַרבן. דער אָבער, וואָס האָט אים איין מאָל געזען, וועט אים קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

מ'האָט אים גענומען אין געפענקעניש אין שאַטיליאָנער פּלאַטאָ, צוזאַמען מיט זיין מיליטערישן טייל, נאָך אַ גוואַלדיקן ווידער־שטאַנד.

ער מיט זיין טייל זיינען אַרומגערינגלט. קיין פּאַטראָנען איז מער ניטאָ.

— גיט זיך אונטער! מיר וועלן אייך שענקען דאָס לעבן! — זאָגט מען זיי אין נאָמען פונעם גענעראַל פעלע, דעם קאָמאַנדיר פון מיליטער.

זיי גיבן זיך אונטער.

און די ווערסאַלער כאַפּן גלייך פון די רייען אַרויס די סאָל־דאַטן פון דער רעגולערער אַרמיי, וואָס האָבן געקעמפט צוזאַמען מיט די פעדעראַליסטן, און צעשיסן זיי דאָ אויף אָרט.

אין אַ צייט אַרום האָט דער מאַרשאַל מאַק־מאַגאָן אַמניסטירט דעם צווייטן מאַרשאַל, וועלכן מע האָט באַשולדיקט סאַכאַקל אין דעם, וואָס ער האָט דעם סוינע אָפּגעגעבן די שטאָט מעץ צוזאַ־מען מיט דער גאַנצער אַרמיי!

די איבעריקע רינגלט מען אַרום מיט צוויי רייען שיסער און מע פירט זיי אַוועק קיין ווערסאַל.

אויפן וועג באַגעגענען זיי ווינואַ, דעמזעלבן, וואָס האָט מיט אַזאַ פאַרגעניגן גענומען אויף זיך די שמוציקע אויפגאַבע אָפּצוגעבן פּאַריז.

ער פרעגט: „ווער איז בא אײַך דער עלטסטער?
— איך! —ענטפערט דיוואל און טרעט ארויס פאָרויס.
נאָך אים טרעט ארויס דער צווייטער:
— און איך בין דער פארוואלטער פון דיוואלס שטאב!
פון די רייען טרעט ארויס דער דריטער:
— איך בין דער פארוואלטער פון וואָלאָנטיערן-שטאב —
זאָגט ער און שטעלט זיך אוועק לעבן די צוויי ערשטע.
— הינט קרעציקע זײַנט איר אלע! — זאָגט ווינוא אף זײַן קאָרדעגארדישער שפּראַך, — איך וועל אײַך טייקעף אלע צע־שיסן!
דיוואל און זײַנע ביידע כאווירים, ניט באווילנדיק אפילע אים צו ענטפערן, שטעלן זיך אליין אוועק צו דער וואנט, נעמען אראָפּ די שינעלן און מיטן אויסגעשריי:
— זאָל לעבן די קאָמונע! — פאלן זיי אום, דערשלאָגן פון קוילן.
דאָס זײַנען די ערשטע הייליקע פון דער רעוואָליוציע.
די ווערסאלער האָבן ערשט אָנגעהויבן די שכיטע, וואָס האָט זיך געדארפט פארענדיקן מיט אויסראָטן א גאנצע באפעל־קערונג.
זיי זײַנען געווען די ערשטע און די גליקלעכסטע. זיי זײַנען געשטאָרבן, גלויבנדיק אין ניצאָכן: ס׳איז דאָך געווען בלויז דער ערשטער שלאכט. הינטער זיך האָבן זיי נאָך געפילט פאריז, דעם גרויסאמען און מעכטיקן פאריז.
שלאָפט רויִק, פרײַנט: איר האָט קיין טאָעס ניט געהאט! ס׳וועט קומען די צײַט און אנדערע וועלן אופשטיין און פאר־ענדיקן די זאך, פאר וועלכער איר האָט אָפּגעגעבן אײַער יוגנט און אײַער לעבן! סע וועט קומען א טאָג, ווען דאָס באפרײַטע פאָלק וועט אויסרופן הויך אײַערע נעמען, וואָס איצט וואגט מען קאם אָנצורופן זיי אין דער שטיל, און מיט א מעכטיקער שטים וועט ער אויסשרײַען:

—אכטונג און דאנק אײַך, מאַרטירער פון דער ערשטער שאָ!
צוזאמען מיט אָט די צוויי ווערט אין דעם בעקאַוועדיקן פאַנ־טעאָן פון די מאַרטירער אויסגעקריצט ווערן דער נאָמען

## ווערמאָרעל

ער איז אויך געווען יונג. געבוירן אין 1841 יאָר, דער נאָמען זײַנער איז שוין געווען באַוווסט אַלס שריפטשטעלער־פּובליציסט.

פּונקט ווי דעלעקליוז, ווי פלוראַנס, האָט ער אַוועקגעוואָרפן, אָפּגעשאָקלט זיך פון דעם בורזשואַזן לאַגער, קעדיי אײַנצושליסן זײַן האַנט אין דער האַנט פון פאָלק, קעדיי לעבן, קעמפן, שטאַרבן מיט אים און פאַר אים.

ווערמאָרעל איז דערצו נאָך דערצויגן געוואָרן אין א יעזוי־טישן סעמינאַר. און דאָך האָט ער גויוער געווען אַלץ, אפילע די קלעריקאַלע דערציִונג, אפילע דעם אָפּסאַמעגדיקן אײַנפלוס פון די יעזויִטן.

ער האָט געגרינדעט די צײַטונג „דער פראַנצויזישער קוריער" און איינער פון די ערשטע האָט ער אויפגעהויבן אין דער אימ־פּעריע די סאָציִאַליסטישע פאָנ. זײַן לוין איז געווען — רעכילעס. אין משך פון א לאַנגער צײַט איז ער בא דער רעוואָלוציאָ־נערער פּאַרטיי געשטאַנען אונטער א חשד.

בעשאַס מע האָט אים אויסגעקליבן אין דער קאָמונע, איז ער געווען ניט אין פּאַריז. ער איז גלײַך געקומען אַפּן רוף. ער האָט ניט געגלויבט אין ניצאָכן און האָט זיך ניט געשאַפן קיינ־שום אילוזיעס. נאָר, ניט פאַרטראַכט זיך, איז ער געגאַנגען אַהין, ווּהין ס'האָט אים גערופן כויוו און געפאַר.

ער איז גלײַך געוואָרן איינער פון די אָנגעזעענסטע רעדנער און האָט אַרויסגעוויזן א אומדערמידלעכסטע און אַלזײַטיקסטע טעטיקײַט, ער האָט רעגלמעסיק באַזוכט אַלע פאַרזאַמלונגען פון שטאָטראַט, האָט גענומען א טיכטיקן אָנטייל אין דער אַרבעט

פון זײַן קאָמיסיע. אין די פאַלן, װען ער האָט ניט געקענט רײדן פּערזענלעך, האָט ער געשריבן. שטענדיק, — װען ס'איז נאָר נײטיק געװען, איז ער געלאָפן צו די אװאַנפּאָסטנס. מיט אײן װאָרט, ער איז געװען אומעטום, װוּ ער האָט גערעכנט, אַז ער קען זײַן נוצלעך, װוּ ער האָט געהאַלטן פאַר נײטיק צו דערפילן עפּעס אַ פליכט.

בעיים די װערסאַלער זײַנען אַרײַן קײן פּאַריז, װערט אָט דער ליטעראַט, אָט דער זשורנאַליסט, װאָס אין אים איז ניט געװען אַפילו קײן סימען סאָלדאַט, װאָס דאָס גאַנצע לעבן זײַנס איז געװען — װיסנשאַפט, קאָפּ־אַרבעט, װערט אָט דער מענטש אינגאַנצן אומגעענדערט, נעמט אָנטײל אין די שלאַכטן, שלעפּט פּורגאָנעס, צעטראָגט באַפעלן, באַװײַזט זיך אומעטום, װוּ ס'איז פאַראַן אַ גרעסערע געפאַר און ריזיקירט מיט זײַן לעבן צװאַנציק מאָל אַ שאָ.

און לעסאָף פאַלט ער פאַרװוּנדעט פון אַ קויל.

מע טראָגט אים אַװעק, מע װיל אים אויסבאַהאַלטן. מע געפינט אים אָבער און מע ברענגט אים, אַ געפאַנגענעם, אין שפּיטאָל אַרײַן, און דאָרט גײט ער פּאַמעלעך אויס.

װי פײַנלעך האָט זי געמוזט זײַן, אָט די דויערנדיקע גסיסע, אונטער דער שמירע פון די װערסאַלער טפיסע־װעכטער, װײַט פון אַלע זײַנע אײגענע, אין אַ צײַט פון שלאַכט, אין סאַמע ברען פון אָט דעם פינצטערן און בלוטיקן אומקומען פון דער ערשטער שטאָט אין דער װעלט, פון דער דערהויבנסטער זאַך אין דער געשיכטע!

מיט עטלעכע שאָ אײדער מע האָט אים פאַרװוּנדעט, האָט װערמאָרעל, פירנדיק קױלן צום מאָנמאַרטר, באַגעגנט פּעררען.

— איר זעט, פּעררע, — האָט ער געזאָגט צו אים, — די מיטגלי־דער פון דער מינדערהײַט פילן אויס זײער כיוװ!

דאָס איז געװען אַ רעמעז אַף אײניקע טרויעריקע כעלוקע־דײעס.

— און די מיטגלידער פון דער מערהײַט פילן אויס זייער כּיוון! — האָט געענטפערט פּערע.

און מיט אָט די שטאָלצע ווערטער זײַנען די ביידע, וואָס זייער טויט איז שוין געווען אַזוי נאָענט, זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען.

די פּען פאַלט שוין בײַ מיר פון די הענט, און אַלץ נײַע און נײַע נעמען שטויסן זיך אין מײַן זיקאָרן.

ס'וואָלט זיך געוואָלט ריידן פון אַלע, ס'איז אָבער שווער אויסצורעכענען אַפילו די נעמען זייערע!

איך וועל אָבער דערציילן נאָך פון איינעם, פון

## פּ ע ר ע

אין פּעלאַזשי, אין טפּיסע, ווּהין אונדז ביידן האָט אַרײַנגעוואָרפן די דעספּאָטיזם פון דער אימפּעריע, האָב איך זיך צום ערשטן מאָל מיט פּעררען באַקאַנט.

ס'איז אוממעגלעך צו פאַרגעסן אָט די בלייכע, טרוקענע, ענערגישע פיגור. אָט דאָס געזיכט איז איבערגעהאַקט מיט אַ לאַנגער, גלײַך אַפן מויל פאַלנדיקער, נאָז. אָט די שוואַרצע אויגן מיט שאַרפן און שטרענגן קוק.

אין דער קאָמונע האָט ער זיך זעלטן ווען באַטייליקט אין די דעבאַטן. צוזאַמען מיט ראַול ריגאָ האָט ער פאַרוואַלטעט מיט דער פּאָליציי און לעסאָפּ האָט ער אים פאַרביטן אַלס דעלעגאַט בײַ דער פּרעפעקטור.

שטענדיק אַ רויִקער און אַ שווײַגנדיקער, עטוואָס אַ קאַלטער אַפן אויסזען, האָט דערדאָזיקער מענטש אין זײַן שוואַכן און איידעלן קערפּער פאַרמאָגט אַן אײַזערנעם ווילן און העלדישע מוטיקײַט.

דאָס איז געווען אַן עקזאַלטירטע און אין דערזעלבער צײַט אַ קאָנצענטרירטע נאַטור, וואָס מיט איר אײַנגעהאַלטענעם ענטוזיאַזם און שטײַפן ווילן האָט זי דערמאָנט יענע רעפאָרמאַטאָרן

פון XVI יאָרהונדערט, וועלכע האָבן אפּן פײַער פון די שײַטערס איבערגעכאַזערט די דאָגמע פון זייער גלויבן.

שטייענדיק פארן מיליטערישן געריכט, וואָס האָט אים פאר־מישפּעט צום טויט, איז ער געווען גרויס אין זײַן רויִקײַט, שטאָלץ מיט זײַן פאראכטונג צו די טאַליאַנים, וואָס דער ניצחון האָט זיי פארשלייערט פאר ריכטער.

א שאָ פריִער איידער מע האָט אים געטויט, האָט ער אָנגע־שריבן א בריוו צו זײַן שוועסטער, א בריוו אָן פראזן, אין וועלכן ער דערקלערט זיך פאר א פולשטענדיקן אטעִיסט און מאטעריִאליסט.

גאנצע צוועלף וואָכן פון דעם טאָג, וואָס ער איז פארמישפּעט געוואָרן, האָט ער געוואַרט אפּן טויט!

די ווערסאלער האָבן בעקיוון פארלענגערט דעם טויט־פּײַן פון די פארמישפּעטע, זיי האָבן געהאָפט דורך אזוינע אינויִם אײַנצו־ברעכן אָט די העלדישע נעשאָמעס:

גאסטאָן קרעמיע, פון מארסעל, איז געטויט געוואָרן זעקס כאדאָשים נאָכדעם, ווי מע האָט אים פארמישפּעט.

די טאַליאַנים האָבן אָבער א טאָעס געהאט.

קיין איינער פון זיי האָט זיך ניט אונטערגעגעבן! אלע ווי איינער, סײַ אפּ די גאסן, און סײַ בא די סטופּעס פון סאטאָרי, סײַ די אומבאוווסטע, און סיי די בארימטע, סײַ אין פינצ־טערן געסל, און סײַ פאר די אויגן פון דער געשיכטע, אלע זײַנען זיי געשטאָרבן אָן ציטער, מיט א הויך אופגעהויבענעם קאָפּ.

פערדע האָט, ווי אלע איבעריקע, אויך געהאט זײַן גאָלגאָפע.

די מוטער זײַנע איז מעשוגע געוואָרן און געשטאָרבן פון פארצווייפלונג.

דעם ברודער זײַנעם האָט מען אלס פּסיכיש קראנק־געוואָ־רענעם געהאלטן אין איינער פון די ווערסאלער שטײַגן.

דער פאָטער זײַנער איז געווען אין געפענקעניש.

זײַן 19־יאָריקע שוועסטער איז געבליבן איינע אליין אין אָט דעם שרעקלעכן עלנט—ארומגערינגלט מיט שאָטנס פון געהארגעטע

אָדער מעשוגע געוואָרענע, געבליבן צווישן דעם נאָר וואָס פאַר־שאָטענעם קייווער פון איר מוטער און נאָר־וואָס אויסגעגראָבענעם אָפענעם קייווער, וואָס האָט געוואַרט אַף איר ברודער.

א שווייַגנדיקע, א שטאָלצע, א שטאַנדהאַפטיקע, וואָס איז ווערט איר, צום טויט פאַרמישפּעטן, ברודער, האָט זי געאַרבעט טאָג ווי נאַכט, קעדיי אַליין דורכצולעבן און נאָך ברענגען אַלע וואָך צוואַנציק פראַנק דעם פאַרמישפּעטן.

ענדלעך, האָט מען אים 25־טן נאָיאַבער, 6 אַזייגער אינדער־פרי, געבראַכט אַף סאַטאָרי צוזאַמען מיט ראַסלען און בורזשואַ — אַן אָרעמען סאָלדאַט, וואָס זייַנע נאָמען דאַרף אויך פאַרבלייַבן אין זיקאָרן.

איינגאַנצן אין שוואַרצן, מיט א ציגאַר אין מויל, מיט א געזיכט, אַף וועלכן ס'האָט קיין ציטער ניט געטון קיין איינציקער מוסקול, איז ער מיט פאַמעלעכע און פעסטע טריט צוגעגאַנגען צום סלופּ, וועלכער איז געווען פאַר אים צוגעגרייט, האָט זיך אָפּגעשטעלט און א קוק געטון דעם טויט אין פּאָנעם אַרייַן.

ס'האָט א הילך געטון א זאַלפּ. ראַסעל און בורזשואַ זייַנען געפאַלן, פערדע איז געבליבן אַף די פיס.

א צווייטער זאַלפּ — און ער איז אומגעפאַלן.

און איינער פון די סאָלדאַטן איז דאַן צו אים צוגעגאַנגען, די רער פונעם רעוואָלווער אַרייַנגעשטעלט אים אין אויער אַרייַן און דורכגעשאָסן אים דעם קאָפּ.

געהאַרגעט האָט מען אים אין דרייַ מאָל.

אַזעלכע זייַנען געווען אָט די מענטשן! אַזעלכע איז געווען אָט דאָס פאָלק פון דער קאָמונע!

מיר וועלן פאַרענדיקן מיט די גרויזאַמע ווערטער, וואָס פערדע האָט געזאָגט שטייענדיק פאַרן מיליטער־געריכט, וועלכער האָט געדאַרפט אויספירן די שליכעס — שעכטן אים „אַפן געזעצלעכן גרונט".

וועלכע ט'ניט איז פּיירושים וואָלטן זיי נאָר שוואַכער געמאַכט.

דאָס איז איינציַיטיק אויך א נעוויַעס וועגן דעם קומענדיקן אופלעבן פון דער אומשטערבלעכער אידייע, וואָס מע האָט זי גע־וואָלט דערטרינקען אינעם בלוט פון אירע קעמפער:

„ווי א מיטגליד פון דער קאָמונע, געפינ איך זיך אינ רעשוס פון אירע באזיגער. זיי ווילנ מיַינ קאָפּ — זאָלנ זיי אים נעמענ! איך וועל קיינמאָל ניט פּרוווּנ ראטעווענ מיַינ לעבנ דורך נידער־טרעכטיקיַיט. איך האָב געלעבט א פריַיער און אזעלכער וועל איך שטארבנ.

„איך וועל צוגעבנ נאָך איינס: דאָס גליק איז אומבאשטענדיק. דער צוקונפט פארגלויב איך מיַינ אָנדענק און אויך מיַינ נעקאָמע".

און די צוקונפט וועט אָט די צוואָע אויספירנ!

# אופרוף פונ צענטראל-קאָמיטעט פונ דער נאציאָנאלער גווארדיע וועגנ דער געשעענער איבערקערעניש

## צום פאָלק

בירגער!

די פאריזער באפעלקערונג האָט אראָפּגעוואָרפנ דעם יאָך, וועלכנ מע האָט זיך געפּרוּווט אפּ איר ארופלייגנ.

רויִק אונ זיכער אינ איר קראפט, האָט זי אָנ מוירע אונ קיינעם ניט רייצנדיק געוואַרט אפנ מאָמענט, ווענ די פרעכע אונ אומזיניקע וועלנ וואגנ אָנצורירנ אונדזער הייליקטום, די רעפובליק.

היינטיקס מאָל האָבנ אונדזערע ברידער, די סאָלדאטנ פונ דער ארמיי, אָפּגעזאָגט זיך אופצוהייבנ די הענט אפנ הייליקטום פונ אונדזער פרייהייט. מיר דריקנ זיי אלעמענ אויס אונדזער דאנק. זאָל פאריז, אונ צוזאמענ מיט אים גאנצ פראנקרייך, שאפנ איצט א פעסטנ פונדאמענט פאר אנ עמעסער רעפובליק, פאר דער אייניקער רעגירונג, וואָס וועט איינמאָל פאר אלעמאָל מאכנ א סאָף צו דער עפּאָכע פונ פיינטלעכע אָנפאלנ אונ בירגער-קריג. דער באלאגערונג-צושטאנד איז אָפּגעשאפט.

די באפעלקערונג פונ פאריז ווערט געבעטנ צו קומענ אינ אירע סעקציעס, כדי דורכצופירנ די קאָמונאלע וואלנ.

די זיכערקייט פון די בירגער איז גאראנטירט אדאנק דער מיטהילף פון דער נאציאָנאלער גווארדיע.

שטאָטישער ראטהויז פון פאריז, 19 מארס.

צענטראלער קאָמיטעט פון דער נאציאָנאלער גווארדיע:

אססי, ביליארע, פעררא, באביק, עד, מאָראָ, ק. דיופאָן, ווארלען, בורסיע, מאָרטיע, גויע, לאוואלאָט, פר. זשורד, רוסאָ, ש. לוליע, בלאנשע, זש. גראָלאר, באוו, זשערעמ, פאבר, פוזשערע.

## אופרוף וועגן דער פראָקלאמירונג פון דער קאָמונע

בירגער!

די קאָמונע איז געגרינדעט.

די אָפשטימונג פון 26־טן מארט האָט סאנקציאָנירט דעם ניצחון פון דער רעוואָליוציע.

די נידערטרעכטיקע מאכט איז אָנגעפאלן אויף אייך און געכאפט אייך פארן גאָרגל. דורך אייער געזעצלעכער זעלבשוץ האָט איר פארטריבן פון אייערע ווענט די רעגירונג, וואָס האָט געוואָלט אייך שענדן און אָנבינדן אייך א קעניג.

איר האָט ניט געוואָלט פארפאָלגן אָט די פארברעכערס און זיי נוצן איצט אויס אייער גרויסמוטיקייט, אָרגאניזירנדיק בא די טויערן פון דער שטאָט א נעסט פון מאָנארכיסטישער קאָנספיראציע. זיי רופן צו בירגער־קריג. צוליב דעם קויפן זיי אונטער, מאכן פארשווערונגען און זיינען אזוי כוצפעדיק, אז זיי בעטלען הילף באם סוינע.

פאר אָט די נידעריקע געננ זייערע רופן מיר זיי צום געריכט פון פראנקרייך און פון דער גאנצער וועלט.

בירגער! איר האָט נאָר־וואָס געשאפן אנשטאלטן, וועלכע וועלן אימשטאנד זיין צו קעמפן מיט אָט די אָנפאלן.

איר אליין זיינט די באלעבאטים פון אייער גורל. די רעגי־רונג, וואָס איר האָט געשאפן, וועט מיט דער קראפט פון אייער שטיצע פאריכטן אלע שאָדנס, וואָס די אָפּגעלעבטע רעגירונג האָט געבראכט דער שטאָט. די דערשלאָגענע אינדוסטריע, די אָפּגע־שטעלטע ארבעט, דער פאראליזירטער האנדל, — דאָס אלץ וועט באקומען א נייע און שטארקע באוועגונג־קראפט.

אין דער ערשטער ריי שטייט די פראגע וועגן דירע־געלט, דערנאָך גייט די פראגע וועגן טערמינען פון צאָלן, וועגן אופ־שטעלן און פארייניקן אלע געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס, וועגן באלדיקן רעאָרגאניזירן די נאציאָנאלע גווארדיע, וואָס פון היינט אָן איז זי די איינציקע באוואָפנטע קראפט פון שטאָט.

אָט דאָס וועלן זיין אונדזערע ערשטע שריט. די פאָלקס־אויס־דערוויילטע בעטן, אז זייערע וויילער זאָלן זיי מיט צוטרוי מיט־העלפן צו פארפעסטיקן דעם ניצאָכן פון דער רעפובליק.

זיי, פון זייער זייט, וועלן דעם כּיוון זייערן אויספילן.

שטאָטישער ראטהויז, 29 מארט 1871 י.

פאריזער קאָמונע.

---

# דעקרעט פון קאָמונע וועגן איבערגעבן צום געריכט די אָנפירער פון ווערסאלער רעגירונג

נעמענדיק אין אכט, אז אלע מיטגלידער פון ווערסאלער רע־גירונג האָבן דערקלערט און אָנגעהויבן דעם בירגער־קריג, זיינען אָנגעפאלן אף פאריז, האָבן געהארגעט און פארוואונדעט פיל סאָלדאטן פון דער נאציאָנאלער גווארדיע און פונעם רעגולערן מיליטער, און אויך פרויען און קינדער, אז דאָס פארברעכן, וואָס זיי זיינען באגאנגען קעגן יעטווידער רעכט, איז מיט גאָרנישט ניט ארויסגערופן, איז פאָרויסבאטראכט און פארעטעריש, באשטימט די קאָמונע:

1. די הערן טיער, פאוור, פיקאר, דיופאָר, סימאָן און פאטיוא ווערן צוגעצויגן צום געריכט.

2. זייער פארמעגן דארף ארעסטירט און סעקוועסטרירט ווערן ביז זיי וועלן ניט קומען פארן פאָלקס־געריכט.

3. די רעגירונג־באפולמעכטיקטע פון יוסטיץ־מיניסטעריום און פון געזעלשאפטלעכער זיכערקייט וועלן זאָרגן וועגן דעם, אז דער־דאָזיקער דעקרעט זאָל דורכגעפירט ווערן.

פאריזער קאָמונע.

## דעקרעט וועגן אָפּטיילן רעליגיע פון מעלוכע

נעמענדיק אין אכט, אז דער גרונט־פרינציפ פון דער פראנצויזישער רעפובליק איז פרייהייט;

אז פון אלע מינים פרייהייט איז די וויכטיקסטע — פרייהייט פון געוויסן;

אז דער מעלוכע־בידזשעט פאר רעליגיעזע איניאָנים איז סוי־סער אָט דעם פרינציפ, ווייל ער איז א גוואלדטאט איבער די איבערצייגונגען פון די בירגער;

אז אין דער ווירקלעכקייט האָבן די גאלאָכים אָנטייל גענומען אין אלע פארברעכנס פון דער מאָנארכיע קעגן דער פרייהייט,— באשטימט די קאָמונע:

1. רעליגיע ווערט אָפּגעטיילט פון דער מעלוכע.

2. דער קלויסטער־בידזשעט ווערט אָפּגעשאפט.

3. אלע באוועגלעכע און אומבאוועגלעכע, אזויגערופענע פארפעסטיקטע גיטער, וואָס געהערן צו די רעליגיעזע געמיינדעס, ווערן דערקלערט פאר א נאציאָנאלן אייגנטום.

4. ס׳ווערט באשטימט גלייך צו מאכן אן אויספאָרשונג וועגן אָט די גיטער, קעדיי קלאָר צו מאכן זייער כאראקטער און איבער־געבן זיי אין רעשוס פון דער נאציע.

פאריזער קאָמונע.

## דעקרעט וועגן צעשטערן וואנדאָמער קאָלאָנע

נעמענדיק אין אכט, אז דער קייזערלעכער זײַל אפן וואנדאָמ־פלאץ איז א דענקמאָל פון ווילדקײַט, א סימוואָל פון מעגושעמ־דיקער קראפט און פון פאלשן רום, א באשטעטיקונג פון מיליטאריזם, אן אָפלייקונג פון צווישנפעלקערלעכן רעכט, אן אייביקע באליידיקונג מיצאד די זיגער, א שטענדיקער אָנפאל אף איינעם פון די דרײַ גרעסטע פרינציפן פון דער רעפובליק — אף ברידערשאפט.

באשטימט די פאריזער קאָמונע:

די וואנדאָמער קאָלאָנע דארף צעשטערט ווערן.

פאריזער קאָמונע.

13 אפריל 1871 י.

---

## דעקרעט וועגן איבערגעבן די ווארשטאטן, וואָס זײַנען פארלאָזט דורך די באלעבאטים, צו די קאָאָפעראטיווע ארבעטער־פארייניקונגען

נעמענדיק אין אכט, אז פיל ווארשטאטן זײַנען פארלאָזט דורך זייערע באלעבאטים, וואָס ניט רעכענענדיק זיך מיט די אינטערעסן פון די ארבעטער, שטרעבן זיי אויסצומײַדן זייערע בירגערלעכע פליכטן, און אז צוליב דעם האָבן זיך אָפגעשטעלט אסאך ארבעטן, וואָס זײַנען נייטיק פארן לעבן פון דער קאָמונע, און דער וווילשטאנד פון די ארבעטער איז אונטערגעריסן געוואָרן,

באשטימט די קאָמונע:

ס׳ווערן צונויפגערופן די סינדיקאלע ארבעטער־ביוראָען, קעדיי צו גרינדן א אינפאָרמאציע־קאָמיסיע, וואָס דער צוועק אירער איז:

1. געבן א סטאטיסטיק פון די פארלאָזטע ווארשטאטן מיט א גענויער באשרײַבונג פונעם צושטאנד, אין וועלכן זיי געפינען

זיך, און מיט א גענויעם צעטל פון די אינסטרומענטן, וואָס זײַנען דאָרט פאראן.

2. צושטעלן א באריכט וועגן די פּראקטישע מיטלען, וואָס קענען אָנגעווענדט ווערן, קעדיי וואָס גיכער צו לאָזן אין גאנג אָט די ווארשטאטן, וואָס פון די הענט פון די דעזערטירן, וואָס האָבן זיי פארלאָזט, ווערן זיי איבערגעגעבן אין רעשוס פון קאָאָפּעראטיווע פאראייניקונגען פון די אין זיי באשעפטיקטע ארבעטער

3. אויסארבעטן א פּראָעקט פון טאקאָנעס פאר אָט די קאָאָפּעראטיווע ארבעטער־געזעלשאפטן.

4. גרינדן א געריכט, וועלכער זאָל, אין פאל, ווען די באלעבאטים פון די ווארשטאטן וועלן זיך אומקערן, אײַנשטעלן די באדינגונגען פון ענדגילטיקן איבערגעבן די ווארשטאטן די ארבעטער-געזעלשאפטן און די גרייס פון דעם לויט, וואָס די ארבעטער־געזעלשאפטן וועלן דארפן אָפּצאָלן דעם געוועזענעם באלעבאָס.

די אינפאָרמאציע־קאָמיסיע וועט דארפן צושטעלן איר באריכט דער קאָמונאלער קאָמיסיע אפ אָרגאניזירן די ארבעט און אויסטויש, וואָס איר פליכט איז וואָס גיכער צונויפצושטעלן א פּראָעקט פון א דעקרעט, וואָס זאָל שטימען סײַ מיט די אינטערעסן פון דער קאָמונע, סײַ מיט די אינטערעסן פון די ארבעטער.

פאריזער קאָמונע.

פאריז, 16 אפריל 1871 יאָר.

---

## דעקרעט וועגן רעקווירירן טיערס הויז

לויטן באשלוס, וואָס איז באוויליקט דורכן קאָמיטעט פון געזעלשאפטלעכער רעטונג, האָט דער בירגער זשיול פאָנטען, דער פארוואלטער פון קאָמונאלערווירטשאפט באשטימט:

אלס ענטפער אפ די מעשים פון טיערן, וואָס האָט זיך דערלויבט צו באָמבארדירן פאריז, אלס ענטפער אפ די געזעצן,

וואָס זײַנען אַרויסגעגעבן דורך זײַנע מיטהעלפער — דער דאָרפֿי־שער געמײנשאַפֿט:

1. דאָס גאַנצע װעש, װאָס געפֿינט זיך אין טיערס הױז, װערט איבערגעגעבן אין רעשוס פֿון די באַװעגלעכע שפּיטאָלן.

2. אַלע קונסט־װערק און װערטפֿולע ביכער װערן איבער־געגעבן אין די נאַציאָנאַלע מוזײען און ביבליאָטעקן.

3. דאָס מעבל דאַרף זײַן אַרױסגעשטעלט אַף צו באַקוקן עס און דאַרף פֿאַרקױפֿט װערן פֿון אױקציאָן.

4. דאָס געלט, װאָס װעט פֿאַר דעם אָפּגעלײזט װערן, גײט אינגאַנצן אַף אַרויסצוגעבן שטיצע די אַלמאָנעס און יעסוימים — קאָרבאָנעס פֿון דער העסלעכער מילכאָמע, װאָס שולדיק אין איר איז דער געװעזענער אײגנטימער פֿון האָטעל זשאָרזש.

5. פֿאַר דעמזעלבן צװעק װערט אָפּגעגעבן אױך דאָס געלט, װאָס מע װעט אָפּלײזן פֿאַר דער געבײַדע.

6. אַפֿן פּלאַץ, װאָס איז פֿאַרנומען מיטן האָטעל פֿון דעם פֿאָטערמערדער, װעט פֿאַרפּלאַנצט װערן אַ שטאָט־גאָרטן.

הױפּט־דירעקטער פֿון קאָמונאַלער װירטשאַפֿט זש. פּ אָ נ ט ע ן.

פּאַריז, 25 פֿלאָרעאַל, יאָר 79-טער.

---

## דעקרעט װעגן אָרװעס־לײַט

נעמענדיק אין אַכט, אַז פֿאַר אַלעמענס אױגן טרעט די װער־סאַלער רעגירונג מיט די פֿיס די געזעצן פֿון מילכאָמע און מענטש־לעכקײַט און פֿאַרפֿלעקט זיך מיט פֿאַרברעכנס, װאָס אַזױנע זײַנען אַפֿילע די באַזיגער פֿון דער פֿראַנצױזישער טעריטאָריע ניט באַגאַנגען;

אַז אַף די פֿאָרשטײער פֿון דער פּאַריזער קאָמונע ליגט דער כױװ צו פֿאַרטײדיקן דעם קאָװעד און דאָס לעבן פֿון צװײ מיליאָן מענטשן, װאָס האָבן זײ אָנגעטרױט זײער גורל, און אַז

ס'איז דרינגענד נייטיק אָנצונעמען אלע מיטלען, וואָס די אומ־שטאנדן פאָדערן;

אז די פּאָליטישע טוער און די שטאָט־מאגיסטראטן מוזן אָבער פון דער צווייטער זייט, זען, אז די רעטונג זאָל זיין אין הסכם מיט דער אכטונג צו געזעלשאפטלעכער פרייהייט, —

באשטימט די פאריזער קאָמונע:

1. יעדע פערזאָן, וואָס מ'וועט זי כוישעד זיין אין באַציִונגען מיט ווערסאל, וועט גלייך ארעסטירט ווערן און איבערגעגעבן ווערן צום געריכט.

2. ניט שפּעטער ווי אין 24 שאָ דארף צונויפגערופן ווערן די באשולדיקונג־זשיורי, קעדיי אויסצופאָרשן די פארברעכנס, אין וועלכע די פערזאָן איז באשולדיקט.

3. דער פסאקדין פון דער זשיורי דארף ארויסגעטראָגן ווערן ניט שפעטער ווי אין 48 שאָ.

4. אלע באשולדיקטע, וואָס זיינען פארהאלטן לויט דער באַשטימונג פון זשיורי, רעכענען זיך פאר אָרוועס־לייט באם פאריזער פאָלק.

5. אפ יעדן איינציקן פאל פון טויטן א קריגס־געפאנגענעם אָדער אן אָנהענגער פון דער קאָמונע־רעגירונג ווערט געענטפערט מיטן טויט פון א דרייענדיקער צאָל אָרוועס־לייט לויטן פונקט 4

6. קריגסגעפאנגענע ווערן גלייך איבערגעגעבן צו דער באשולדיקונג־זשיורי, וועלכע באשטימט, צי דארפן זיי אָפגעלאָזט ווערן פריי, צי מ'דארף זיי פארהאלטן ווי אָרוועס־לייט.

פאריזער קאָמונע.

---

## אופרופ פונ דער קאָמונע צו די סאָלדאטנ פונ ווערסאַלער ארמיי

סאָלדאטנ פונ ווערסאַלער ארמיי!

מיר האָבנ קינדער.

מיר קעמפנ דערפאר, אז אונדזערע קינדער זאָל שוינ ניט אויס־קומענ, ווי אונדז, צו בויגנ זיכ אונטערנ יאָכ פונ מיליטערישנ דעספאָטיזמ.

ס'וועט קומענ א טאָג, אונ איר וועט אויכ ווערנ פאָטערס פונ קינדער.

אויב איר וועט הײַנט שיסנ אינ פאָלק, וועלנ אײַכ שעלטנ אײַערע קינדער, פונקט ווי מיר שעלטנ די סאָלדאטנ, וואָס האָבנ געפײַניקט דאָס פאָלק אינ יוני 1848 אונ אינ דעקאבער 1851 י.

מיט צוויי כאדאָשימ צוריק האָבנ אײַערע ברידער, סאָלדאטנ פונ דער פאריזער ארמיי, אופגעבראכט אפ די נידעריקע פאכדאָנימ, וואָס האָבנ פאראטנ פראנקרײַכ, זיכ געברודערט מיטנ פאָלק. טוט נאָכ זייער בײַשפּיל.

סאָלדאטנ, קינדער אונ ברידער אונדזערע! הערט אונדז אויס אונ זאָל אײַער געוויסנ דיקטירנ.

אויב דער באפעל איז נידערטרעכטיק, איז אײַער כויוו אימ ניט אויסצופירנ.

צענטראַלער קאָמיטעט. 10-טנ פרעריאַל, 79 י.

## אופרופ פונ די קאָמונארקעס צו פאריזער פרויענ

פאריז איז באלאגערט, פאריז ווערט באָמבארדירט.

בירגערנס! ווו־זשע זײַנענ אײַערע קינדער, אײַערע ברידער אונ מענער? צי הערט איר דעמ ברומ פונ די הארמאטנ אונ דעמ רופ פונ די קלינגענדיקע גלעקער?

צומ געווער! דאָס פאָטערלאנד איז אינ געפאר!

װאָס קומט דאָ פאָר? צי װיל דאָ דער סוינע פונ פרעמדנ לאנד װידער באַצװינגענ פראנקרײַכ, אָדער דער פארבאנד פונ אײראָפעיִשע טיראנענ שיקט װידער זײַנע לעגיאָנענ אפ צו פאר־טיליקנ אונדזערע ברידער, אפ כאָרעװ צו מאכנ ביזנ גרונט אונדזער שטאָט אונ פארניכטנ אפילע דעם זײכער פונ די אומ־שטערבלעכע ניצכוינעס, װאָס מיט אונדזער בלוט האָבנ מיר זײ אויסגעקעמפט אינ מעשעכ פונ א גאנצנ יאָרהונדערט, דעם זײכער פונ אונדזערע דעראָבערונגענ, װאָס דער נאָמענ זײַער איז — פרײַהײַט, גלײַכהײַט אונ ברודערשאפט?

נײנ! ניט פונ פרעמדנ לאנד איז דער סוינע! די סאָנימ, די מערדער פונ פאָלק אונ פונ פרײַהײַט — זײַנענ פראנצויזנ!

דער שיגאָענ פונ בירגער־קריג, װאָס האָט מיטאמאָל ארומגע־כאפט גאנצ פראנקרײַכ, אָט דער קאמפ אפ לעבנ אונ טויט — איז א פינאל פונ אײביקנ אנטאגאָניזמ צװישנ רעכט אונ קראפט, צװישנ ארבעט אונ עקספלואטאציע, צװישנ פאָלק אונ זײַנע טאליאָנים.

די סאָנימ אונדזערע זײַנענ יענע, װאָס באנוצנ זיכ מיט די פריװילעגיעס פונ עקזיסטירנדיקנ סײדער, יענע, װאָס לעבנ מיט אונדזער שװײס אונ זײַנענ פעט געװאָרנ פונ אונדזער נויט.

פאר זײערע אויגנ איז אופגעשטאנענ דאָס פאָלק אונ האָט דערקלערט:

„ניטאָ קײנ פליכטנ אָנ קײנ רעכט, ניטאָ קײנ רעכט אָנ קײנ פליכטנ, מיר װילנ ארבעטנ, נאָר מיר װילנ אלײנ באנוצנ זיכ מיט די פרוכטנ פונ אונדזער ארבעט... נידער מיט די עקספלו־אטאטאָרנ, נידער מיט די באלעבאטימ!... זאָל דער פארמיטלער פונ װוילשטאנד זײַנ פאר אלעמענ בלויז ארבעט! זאָל דאָס פאָלק אלײנ זײַנ א רעגירונג־קאָמונע; מיר װעלנ לעבנ אונ ארבעטנ אינ פרײַהײַט, אָדער שטארבנ אינ קאמפ"...

אונ דער פאכעד צו קומענ פארנ פאָלקס־געריכט האָט גע־שטויסנ אונדזערע סאָנימ אפנ גרעסטנ פאראטנ, אפנ בירגער־קריג.

בירגערנס פון פאריז, „איינינקלעך פון יענע פרויען פון דער גרויסער רעוואָליוציע, וואָס זײַנען אַמאָל אין נאָמען פון פאָלק און גערעכטיקייט אוועק קיין ווערסאַל און האָבן פונדאָרטן גע־בראַכט דעם געפאַנגענעם ליודאָוויק דעם XVI־טן! צי וועלן מיר, פראַנצויזישע מוטערס, פרויען און שוועסטער, דערלאָזן, אַז נויט און פינצטערקייט זאָלן פאַרוואַנדלען אונדזערע קינדער אין סאָנים אונדזערע? אַז אַ פאָטער זאָל אופשטיין אַף זײַן זון, אַ ברודער אַף אַ ברודער, און זיי זאָלן הארגענען איינער דעם צווייטן פאַר אונדזערע אויגן, ווײַל אַזוי ווילן אונדזערע אונטערדריקער, וואָס צוערשט האָבן זיי פאַרקויפט פאַריז צו די פרײַסן און איצט ווילן זיי אים איינגאַנצן כאָרעוו מאַכן!

בירגערנס! ס'איז געקומען די אַנטשיידענע שאָ! מע מוז מאַכן אַ סאָף מיט דער אַלטער וועלט. מיר ווילן פרײַהײַט. גיט אַ קוק: ניט נאָר פראַנקרײַך אַליין שטייט אוף — די אויגן פון דער ציוויליזירטער וועלט זײַנען געווענדעט צו פאַריז. אַלע קוקן אַרויס אַף אײַער ניצאָכן, קעדיי אַליין אויך אויסקעמפן פרײַהײַט. אַפילע דײַטשלאַנד, דאָסזעלבע דײַטשלאַנד, וואָס זײַן קייזערלעכע אַרמיי האָט כאָרעוו געמאַכט אונדזער לאַנד, איז אויך אופגערודערט און אופגעטרייסלט דורכן אָטעם פון רעוואָליוציע. שוין זעקס כאָדאָשים, אַז דאָרט איז דערקלערט באַלאַגערונג־צושטאַנד און די פאָרשטייער פון די אַרבעטער זײַנען אײַנגעשלאָסן אין די טפיסעס. אַפילע אין רוסלאַנד קומט אַפן אָרט פון די פרײַהײַט־פאַרטיידי־קער, אויסגעראָטענע דורך דער רעגירונג, אַ נײַער קעמפנדיקער דאָר, וואָס איז גרייט אַף טויט צו שלאָגן זיך פאַר אַ רעפובליק, פאַר אַ נײַעם סאָציאַלן סיידער.

אירלאַנד און פוילן שטאַרבן, קעדיי דערנאָך מיט אַ נײַער קראַפט אופצושטיין צו אַ נײַעם לעבן.

שפאַניע און איטאַליע האָבן ווידער צונויפגעזאַמלט זייערע קרעפטן און האָבן זיך פאַראייניקט צום אינטערנאַציאָנאַלן פעלקער־קאַמף. אין ענגלאַנד גייט איבער אַף דער זײַט פון דער רעוואָליוציע,

געשטויסנ פונ איר סאָציִאַלער לאַגע, די גאַנצע פראָלעטאַרישע מאַסע, וואָס לעבט פונ איר אייגענער מי. אינ עסטרייַכ קומט אויס דער רעגירונג איינצייַטיק צו דערשטיקנ סיי דעמ אופשטאַנד פונעמ גאַנצנ לאַנד, סיי די אופשטאַנדנ אינ די סלאַווישע קעניגרייַכנ. צי באַווייַזט דענ ניט אָט דער שטענדיקער קאַמפ צווישנ הערשנדיקנ קלאַס אונ צווישנ פאָלק, אַז דער בוימ פונ פרייַהייַט, וואָס איז אינ מעשעכ פונ גאַנצע יאָרהונדערטנ אָנגעטרונקענ מיט טייַכנ בלוט, האָט ענדלעכ געגעבנ זייַנע פרוכטנ?

בירגערנס! דער קאַמפ איז אינ גאַנג! מיר מוזנ שטאַרבנ אָדער זיגנ! יעדע פרוי, וואָס טראַכט זיכ: „וואָס קומט מיר אַרויס פונ ניצאָכנ, ווענ איכ ווער אָנ די, וואָס איכ האָב ליב?“ מוז פאַרשטיינ, אַז ס'איז פאַראַנ נאָר איינ וועג אפ צו ראַטעווענ אירע ליבע — דעמ מאַנ, דעמ מעפאַרנעס, — אָדער דעמ זונ, אפ וועלכנ זי לייגט אַרופ אַלע אירע האָפענונגענ. דער וועג איז — אַקטיווער אָנטייל אינ דעמ אָנגעהויבענעמ קאַמפ. מע מוז אפ שטענדיק אָפשטעלנ אָט די צווישנברודערלעכע שכיטע, וואָס אָדער זי וועט זיכ איינ מאָל פאַר אַלעמאָל ענדיקנ מיט א ניצאָכנ פונ פאָלק, אָדער זי וועט זיכ גאָר אינגיכנ ווידער אָנהייבנ פונסנייַ.

נאָר ווייַ וועט זייַנ די מוטערס, ווענ דאָס פאָלק וועט זייַנ באַזיגט. פאַר דער מאַפּאָלע וועלנ באַצאָלנ זייערע קלייניקע קינדער. אונ דער גוירל, וואָס וואַרט אינ פאַל פונ מאַפּאָלע אפ זייערע מענער אונ ברידער, איז פאָרויס באַשטימט: דאָס ווילדעווענ פונ דער רעאַקציע וועט ניט האָבנ קיינ גרענעצ. ניט מיר אונ ניט אונדזערע סאָנימ ווילנ ניט קיינ ראַכמימ.

זייַט־זשע, בירגערנס, אַנטשלאָסנ! לאָמיר זיכ פאַרייניקנ, קעדיי מיטצוהעלפנ דעמ דערפאָלג פונ אונדזער אַלגעמיינער זאַכ. לאָמיר זייַנ גרייט צו פאַרטיידיקנ זיכ אונ נויקעמ צו זייַנ זיכ פאַר אונדזערע ברידער. צו די טויערנ פונ פאַריז אפ די באַריקאַדנ, אינ די פאָרשטעט! לאָמיר זייַנ גרייט אינ דעמ נייטיקנ מאָמענט אָנטייל צו נעמענ אינעמ קאַמפ. אויב די אויסוואָרפנ, וואָס צעשיסנ

אונדזערע געפאנגענע און הארגענע אונדזערע פירער, וועלן געבן א זאלפ אין א מאכנע אומבאוואָפנטע פרויען — איז נאָך בעסער. דער געשריי פון צאר און צאָרן פון גאנץ פראנקרייך און דער גאנצער וועלט וועט מיטהעלפן צו פארענדיקן דאָס, וואָס מיר האָבן אָנגעהויבן. אויב ס'וועט זיך ארויסווייזן, אז אלע ביקסן און שפּיזן זיינען שוין צענומענ דורך אונדזערע ברידער, בלייבן נאָך איבער פאר אונדז די שטיינער פונעם ברוק און מיט זיי וועלן מיר שלאָגן פארעטער.

א גרופּע בירגערס.

פאריז, אפּריל 1871 יאָר.

## פון מארקס בריוו צו קוגעלמאנען

### I

לאָנדאָן, 12 אפּריל 1871 יאָר.

טייערער קוגעלמאנ!

אויב דו וועסט דורכקוקן דאָס לעצטע קאפּיטל פונעם „18־טן ברומער", וועסטו זען, אז לויט מיין מיינונג וועט דער נאָענט־סטער אופשטייג פון דער פראנצויזישער רעוואָליוציע זיין א פּרווו ניט פון איבערגעבן די ביוראָקראטיש־מיליטערישע מאשין פון איינעמס הענט אין דעם צווייטנס, ווי עס איז געווען ביז אהער, נאָר אין צעברעכן די דאָזיקע מאשין. דאפּקע דאָס איז דער פאָרבאדינג פון יעדער ווירקלעך פאָלקישער רעוואָליוציע אפן קאָנ־טינענט. אזוינער איז גראָד דער פּרווו פון אונדזערע העלדישע פּאריזער כאווײרים. וואָס פאר א בויגעוודיקייט, וואָס פאר א היסטאָרישע איניציאטיוו, וואָס פאר א פעיקייט פון זעלבסטאָפּפּערונג עס פארמאָגן די דאָזיקע פּאריזער! נאָך א זעקס־כאדאָשימדיקן הונגער און כורבן, וואָס איז ארויסגערופן געוואָרן מער דורך אינערלעכן פאראט, ווי דורכן אויסערלעכן סוינע, מאכן זיי אנ

אופשטאנד, געפינענדיק זיך אונטער די פּרײַסישע שפּיזן, גלײַך ווי עס זאָל גאָר ניט פאָרקומען קיין מילכאָמע צווישן פראנקרײַך און דײַטשלאנד, גלײַך ווי דער סוינע זאָל גאָרניט שטיין בא די טויערן פון פּאריז! די געשיכטע ווייסט נאָך ניט קיין בײַשפּיל פון אזא העלדישקײַט. אויב זיי וועלן באזיגט ווערן, וועט די שולד זײַן ניט אין קיין אנדער זאך, ווי אין זייער „גרויס-מוטיקײַט". מ'וואָלט געדארפט טייקעף גיין אף ווערסאל, ווי נאָר ווינוא און נאָך אים דער רעאקציאָנערער טייל פון דער פּאריזער נאציאָנאלער גווארדיע זײַנען אנטלאָפן פון פּאריז. דער מאָמענט איז דורכגעלאָזט געוואָרן צוליב געוויסנהאפטיקײַט. זיי האָבן ניט געוואָלט אָנהייבן דעם בירגער־קריג, גלײַך ווי דער שרעקלעכער אויסוואורף טיער האָט אים ניט אָנגעהויבן מיט זײַן פּרווו צו אנטוואָפענען פּאריז. דער צווייטער פעלער: דער צענטראל-קאָמיטעט*) האָט צו פרי ארָאָפּגעלייגט פון זיך די פול-מאכטן, קעדיי אָפּצוטרעטן דאָס אָרט דער קאָמונע. נאָכאמאָל אדאנק דער „אָרנטלעכקײַט" זייערער, וואָס איז דערפירט געוואָרן ביזן קרענקלעכן איבערקלערן. אלנפאלס, ווי ס'זאָל ניט זײַן, איז דער איצטיקער פּאריזער אופשטאנד — אויב ער וועט אפילע דערשטיקט ווערן דורך די וועלף, כאזיירים און נידערטרעכטיקע הינט פון דער אלטער געזעלשאפט — איז ער דאָך די רומפולסטע העלדנטאט פון אונדזער פּארטיי זינט דעם יוני־אופשטאנד. זאָל מען פּרווון פארגלײַכן מיט דידאָזיקע פּאריזער, וואָס זײַנען גרייט צו שטורמען דעם הימל, אָט די קנעכט פון דער דײַטשיש־פּרײַסישער, הייליק־רוימישער אימפּעריע מיט אירע אלטפרענקישע מאסקאראדן, פון וועלכע עס הערט זיך דער רייעך פון קאזארמע, קלויסטער, יונקערטום און, מער פון אלץ, פּיליסטערישקײַט.

*) דער צענטראל-קאָמיטעט פון דער פראנצויזישער נאציאָנאלער גווארדיע.

II

17 אפּריל, 1871 יאָר.

טײַערער קוגעלמאַנ!

...פאַר מיר איז לאַכלוטנ ניט פאַרשטענדלעכ, ווי אַזוי קענסטו פאַרגלײַכנ קלײנבירגערלעכע דעמאָנסטראַציעס אַלאַ 13־טנ יוני 1849־טנ יאָר א. אַז. וו. מיט דעמ איצטיקנ קאַמפ אינ פּאַריז*).

שאַפנ די וועלט־געשיכטע וואָלט געווענ, פאַרשטענדלעכ, זײער באַקוועמ, ווענ דער קאַמפ זאָל אונטערגענומענ ווערנ נאָר ביטנײַ, אַז די גינסטיקע שאַנסנ זײַנענ אַבסאָליוט זיכערע. פונ דער צווײטער זײַט, וואָלט די געשיכטע געטראָגנ זײער אַ מיסטישנ כאַראַקטער, ווענ די „צופעליקײַטנ" וואָלטנ ניט שפּילנ קײנ שומ ראָל. דידאָזיקע צופעליקײַטנ גײענ, פאַרשטענדלעכ, אַלײנ אַרײַנ, ווי אַ באַשטאַנד-טײל אינ דעמ אַלגעמײנעמ אַנטוויקלונג־גאַנג, אונ ווערנ רעגולירט דורכ אַנדערע צופעליקײַטנ. אָבער די פאַרגיכערונג אונ פאַרלאַנגזאַמונג הענגענ אינ אַ שטאַרקער מאָס אָפּ פונ דידאָזיקע „צופעליקײַטנ", צווישנ וועלכע עס פיגורירט אויכ אַזאַ „צופאַל", ווי דער כאַראַקטער פונ די מענטשנ, וואָס שטײענ אינ אָנפאַנג בעראָש פונ דער באַוועגונג.

דעמ אַנטשײדנדיקנ ניט גינסטיקנ „צופאַל" דאַרפ מענ דאָס מאָל זוכנ בעשומויפנ ניט אינ די אַלגעמײנע באַדינגונגענ פונ דער פראַנצויזישער געזעלשאַפט, נאָר אינ דעמ, וואָס אינ פראַנקרײַכ זײַנענ געווענ די פּרײַסנ, וועלכע זײַנענ געשטאַנענ האַרט נעבנ פּאַריז. דאָס האָבנ געוווּסט אויכ די בורזשואַזע ווערסאַלער אויסוווּרפנ. אונ דערומ טאַקע האָבנ זײ אַוועקגעשטעלט פאַר די פּאַרי־

*) דעמ 13-טנ יוני 1849־טנ יאָר איז אינ פּאַריז דורכ דער פּאַרטײ „באַרג" (לינקע קלײנבירגער. דעמ נאָמענ האָבנ געטראָגנ די קלײנבירגערלעכע לינקע אינ דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָליוציע) אײַנגעאָרדנט געוואָרנ אַ פּראָטעסט-דעמאָנסטראַציע קעגנ דעמ גוואַלדטעטיקנ אַראָפּזעצנ די רוימישע רעפּובליק דורכ דעמ פראַנצויזישנ מיליטער. דידאָזיקע דעמאָנסטראַציע איז קימאַט אָנ מי פאַנאַנדערגעטריבנ געוואָרנ אונ האָט נאָר באַשטעטיקט דעמ באַנקראָט פונ דער קלײנבירגערלעכער פראַנצויזישער דעמאָקראַטיע אינ פראַנקרײַכ.

זער א ברײרע: אָדער אָנעמען דעם ארויסרוף צום קאמף, אָדער זיך אונטערגעבן אָן קאמף. די דעמאָראליזירונג פונעם ארבעטער־קלאס אינעם לעצטן פאל וואָלט געווען א פיל גרעסערער אומגליק, איידער דאָס אומקומען פון וועלכער צאָל איר ווילט „פירער".

דער קאמף פונעם ארבעטער־קלאס מיט דעם קלאס קאפיטא־ליסטן און מיט דער מעלוכע, וואָס שטעלט פאָר זײַנע אינטערעסן, איז ארײַנגעטראָטן, אדאנק דער פאריזער קאָמונע, אין א נײַער פאזע. ווי די זאך זאָל זיך ניט ענדיקן דירעקט דאָס מאָל, איז א נײַער אויסגאנג־פונקט פון אן אלוועלטלעך־היסטאָרישער וויכטיקײַט דאָך דערקעמפט געוואָרן.

# דער אינטערנאציאָנאל *)

1

שטייט אוף, איר אלע, ווער, ווי שקלאפנ,
אינ הונגער לעבנ מוז אינ נויט!
דער גייסט — ער קאָכט אונ רופט צום וואפנ
אינ שלאכט אונדז פירנ איז ער גרייט...
די וועלט פונ גוואלדטאטנ אונ ליידנ
צעשטערנ וועלנ מיר, אונ דאנ
פונ פרייהייט, גלייכהייט א גאניידנ
באשאפנ וועט דער ארבעטסמאנ.

דאָס איז שוינ דער לעצטער
אונ אנטשיידענער שטרייט,
מיט דעם אינטערנאציאָנאל
שטייט אוף, איר ארבעטסלייט!

---

*) דער „אינטערנאציאָנאל", וועלכער איז געוואָרנ דער סימוואָל פונ קאמפ אונ ניצאָכנ פארנ אלוועלטלעכנ פּראָלעטאריאט, איז פארפאסט געוואָרנ דורכנ געוועזענעם קאָמונאר עזשענ פאָטיע אינ יוני 1871־טנ יאָר, ווענ דער ווייסער טעראָר פונ דער ווערסאלער ארמיי האָט נאָכ געבושעוועט אונ די לעצטע לעבנ-געבליבענע קאָמונארנ האָבנ זיכ אויסגעבאהאלטנ אינ פארשיידענע לעכער. דאָס ליד איז געווענ געווידמעט דעם קאָמונאר לעפראנסע.

דער „אינטערנאציאָנאל" איז אפ אזא אויפנ דירעקט א קינד פונ דער פאריזער קאָמונע. דאָס איז די רעוואָליוציאָנערע צאוואָע, וואָס די קאָמונארנ האָבנ איבערגעלאָזט פאר די קומענדיקע דורות, אונ וואָס אירע געבאָטנ פילט איצט אויס דער קעמפנדיקער פּראָלעטאריאט אינ גאָר דער וועלט.

2

ניין, קיינער וועט אונדז ניט באפרייַען,
ניט גאָט אליין און ניט קיין העלד.
מיט אונדזער אייגענעם קלייזייַען
א רעטונג ברענגען מיר דער וועלט.

אראָפּ דעם יאָך! גענוג געליטן,
גענוג פארגאָסן בלוט און שווייס!
צעבלאָזט דעם פייַער, לאָמיר שמידן
קאָלזמאן דאָס אייַזן איז נאָך הייס!

דאָס איז שוין דער א. אז. וו.

3

דער ארבעטסמאן וועט זייַן מעמשאָלע
פארשפרייטן אף דער גאנצער ערד
און פאראזיטן די מאפּאָלע
באקומען וועלן פון זייַן שווערד.

די גרויסע שטורעם־טעג, זיי וועלן
נאָר פאר טיראנען שרעקלעך זייַן,
זיי קאָנען אָבער ניט פארשטעלן
פון אונדז די העלע זונען־שייַן.

דאָס איז שוין דער לעצטער
און אנטשיידענער שטרייַט,
מיט דעם אינטערנאציאָנאל
שטייט אוף, איר ארבעטס־לייַט!

---

עס וועלן קאָמונאַרן זײַן נאָך האַרט און אײַנגעשפּאַרט:
סײַווי איז שוין ניטאָ קיין אויסוועג, קיין צוריקער,
עס האָט ווערסאַל פון בלוט און זיגן שיכּער
אַרומגעכאַפּט שוין גאַנץ פּאַריז מיט טויטן גאַרטל.

...אָ קלוגער טיגער, טיער, האָסט זיך געגרײַזט,
אַפֿ דײַנע בלינדע קנעכט האָסט צופֿיל זיך פֿאַרלאָזט,
עס האָבן דאָ אין מיזרעך־לאַנד איבעראַנײַס
פּאַריזער רויטע זאָמען אויסגעשפּראָצט.

פּאַריז פון מאַרט, פּאַריז פון אַכצנטן,
האָט העל צעפֿלאַקערט זיך אין רוסלאַנדס האַרצן.

## מוישע טײַף

העלדן קאָמונאַרן געווידמעט.

* * *

ניט געוווּסט כ׳האָב אַמאָל, ניט געזעען האָב איך איצט,
אוי, פּאַרוואָס־זשע איז העל אין מיר מײַן צאָרן
ווען דײַגע, ווען שטאָט איז אַ ברוינע צעהיצט,
פֿעלדער? דערפֿער? קאָרן?
— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

פֿלאַם אין שטאָט, גלי אין שטאָט, ווײ אין שטאָט,
שיסן קינדער אָן אַ באַגער, אָן אַ באַט...
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —

ניט געוווסט, ניט געזעען האָט מיר אָסיף דערציילט
— אונדזער אלטיטשקער קרעפטיקער מייַסטער —
„איַי, בראַטווא, האָט מען דעמאָלט „געשיילט"
זייַדענע, פּעטינקע, טייַסטער!"
— — — — — — — — — — —

וויסע יונגע, הארטע יונגען, ליב איז רויטע פאָנען,
קומט צעבערעכן, קומט צעזעצן וואנדאָמער קאָלאָנע.
— — — — — — — — — — —

„איַי, בראַטווא, האָט מען דעמאָלט „געשיילט"
בראווע יאטן, ווי דו און ווי ער,
א בלוטיקע וואנט האָט דערציילט:
א הינטישע זוינע איז טייער!"
— — — — — — — — — — —

גיפּט, רויך, פולווער — לעצטער אין קאָן,
קאָמונארן האָט פארינגלט מאַק־מאהאָן
— — — — — — — — — — —

וואָס וויל א זון פון שווינדלדיקע שקיפּן,
א שטראל א ליבינקער מייַן בעסטער גאסט,
מען דארף ניט, טייַערער, מע דארף ניט שטיפן.
זע, אף גאסן ווירבלט אום א לאסט,

רויִק, רויִק, פריילעכער הארמאָניק,
קומט צו פּאָרן אונדזער קעמערל־שעפקאָם.
יונגע כלאָפּצעס — דרייסטע קאָמסאָמאָלצעס
קלייַבן זיך אין הילצערנעם נארדאָם
— — — — — — — — —

צו וואָס א פרייד א ליגנערישע זינגענ
הויל די קעפ! ריידנ קאָמונארנ...
הערט! הערט! קאַיאָרנ קלינגענ,
מיר גארנ, מיר גארנ, מיר גארנ.

מ. טײַפ

# פאריזער קאָמונע

(פּאָעמע)

## I

### לאנג וועסטו גייב אונ וועסט זוכנ...

לאנג וועסטו גיינ אונ וועסט זוכנ
אינ הונדערטער גאסנ פאריזער
א קויטיק הויפל, ווו ס'האָבנ געלעבט דאָרט
לוי אונ זײַנ שוועסטער מאדלענע.

גרויס איז די שטאָט,
אונ נאָכ גרעסער דער פלאָנטער פונ גאסנ
(ווי ליכטיקער פלאָנטער פונ שטערנ אינ הימל).

אונ דאָ אפנ קויט, אפנ ליימ, צווישנ סאזשלקעס וואסער
מידע ברוקירער אינ הילצערנע הײַזעלעכ דרימלענ.

לעבט דאָ לוי און זײַן שוועסטער מאַדלענע —
צוויי קינדער געטרײַע פון הויפֿן פּאַריזער,
אָן טאַטן, אָן מאַמען, לוי און מאַדלענע,
מ'האָט זיי דאָ ליב אין סענט־אַנטואַנע.

יונג איז לוי, און נאָך יונגער זײַן שוועסטער,
און אונטער די טונקעלע ווימלענדע ברעמען
זיי טראָגן דעם צאַרן פון אָרעמע געסלעך,
פון טויטע, געפאַלענע נעמען.

און ווען אַפֿ פּאַריז שײַנט אויף דער באַגינען,
ווערט רוישיק אין געסלעך פון סענט־אַנטואַן,
גייט דער ברודער לוי ברויט פֿאַרדינען,
וווּ ס'איז נאָר אַרבעט פֿאַראַן.

געוועזן איז דער טאַטע אַן אַלטער ברוקירער,
אַן אַלטער ברוקירער פון סענט־אַנטואַן,
און שטענדיק אַ שיקערן פלעגן אים פֿירן
לוי און מאַדלענע אַהיים זאַלבענאַנד.

און אַלע יאָר,
ווען ס'קומען אָן די ערשטע טעג פון פרילינג,
ווען שניי צעגייט אינמיטן טעג פון מאַרט —
מיר ווילט זיך זינגען,
און אָן אויפהער זינגען,
לויב די ברידער מײַנע פון מאָרמאַרט!

צענדליקער יאָרן האָט אַלטינקער זאָקן
גלאַנציקע גאַסן פּאַריזער ברוקירט,
עס האָבן געשוויגן אין קלויסטערס די גלעקער,
ווען מ'האָט דעם ברוקירער צום בייסאַלמען געפירט.

אוועק זײַנען טעג און אוועק זײַנען יאָרן,
קלײנער לוי איז עלטער געוואָרן;
ער גײט ווי דער טאַטע גאַסן ברוקירן —
דאָרטן, וווּ ס'לעבן גווירים.

גרויס איז די שטאָט
און נאָך גרעסער — דער פּלאָנטער פֿון גאַסן,
(ווי ליכטיקער פּלאָנטער פֿון שטערן אין הימל),
און דאָ אָפּן קויט, אַף דעם ליים, צווישן סאַזשלקעס וואַסער,
מידע ברוקירער אין הילצערנע הײַזעלעך דרימלען.

## II

## אין פּאַריז...

אין פּאַריז כאַיאָלעס פֿון גווירים
האָבן שוין פּאַרנומענע פּלאַץ און גאַס,
מאָרגן וועלן טראָגן די ברוקירער
פֿולע פּאָנעס האַס.

שטילע געסלעך,
און שטילע הײַזלעך.
ערגעץ צאַנקען אומעטיקע פֿײַערן.
אַף גרויסן שטאָט־זייגער שוואַרצע ווײַזער
שפּעטע נאַכט באַווײַזן.

אין מירמלנעם ווערסאַל
אַזױפֿיל ליפּן זאַטע
פֿון דינע שטרויעלעך ציִען זיסן ווײַן,
ווען גײַען לוי
און טויזנט זײַנע טאַטעס
אין גרויסער שטאָט אַרײַן.

ווען גיין לוי צוזאמען מיט מאד׳ענען,
ווען שטילער טוי
אפ קאלטע שטיינער פרירט...
— — — — — — — —
ווינטן שפילן,
ווינטן לויפן איבער סענע,
שווארצע ווייזער
ווייזן אָן אפ פרי.

III

## צום געווער, בירגער, צום געווער!

(פון אן אופרוף)

העגט געזונטע,
פולווער און געווער.
וואָס דארף מען מער?

רויטע בענדלעך,
זון און לידער,
און אלע זייַנען ברידער.

זון און רויש,
פרישער מארט,
גייען רייען פון מאָנמארט.

צו דער שטאָטישער ראטושע קומען
די בירגער:
— היי! היי! זאָל עמעצער ארויסגיין,
זאָל אונדז פירן!

מיר ווייסן, ווי צו אויסרײַסן די שטיינער,
אונדזער שווייס,
אונדזערע ביינער.

זײַן געננג צו ריידן —
פולווער און געווער.
וואָס דאַרף מען מער?

נידער מיט ווערסאַל,
נידער טיער,
אפילע קינדער האָבן שוין געווער.

און אין הייך, און אין ווײַט
אף פאָלע־בורדאָן
פלאַטערט שוין אַ פאָן.

זון און רויש,
פרישער מאַרט,
און די שטיינער זײַנען האַרט.

זאָל אף דער ראַטושע רויטע פאָן
אָנזאָגן:
— עס הייבט זיך אָן!!

הענט געזונטע,
פולווער און געווער.
וואָס דאַרף מען מער?

IV

## וואנדאָמער קאָלאָנע

ס׳איז גרויס דער פּלאַץ,
און הויך איז די קאָלאָנע,
די וואנדאָמער קאָלאָנע בלוט.
ווען ס׳גייען איצטער יונגען אין קאָלאָנען,
ווער זיצט אין שטוב?
ווער רוט?

פלאם און פלאקער אוף
פון דוירעס די נעקאָמע,
זינג אויס און שאל א ליד,
און זאָל די הויכע
וואנדאָמער קאָלאָנע
ליגן גליד צו גליד.

און זאָל דערהערן איצט
דאָס גאנצע לאנד
דעם לעצטן אויסגעשריי פון וואנדאָמער קאָלאָנע,
פּולווער־פּײַערן וואשן אָפּ די שאנד,
און ס׳גייען שוין צוריק קאָלאָנען.

V

שטעט! שטעט!
פאריז וועט אויספילן זײַן פליכט ביזן
סאָף, ניט פארגעס־זשע אים, ליאָן,
מארסעל, טולוזא, נאנט, באָרדאָ און אנדערע
שטעט (פון אן אופרוף).
...און די שטעט האָבן געשוויגן,

און די שטעט האָבן געשטומט
און געלאָזן אַף אייגענעם באַראָט
דעם אופגעפלאַמטן טויזנט־געסלדיקן פלאָנטער
פון דער שטאָט.
די שטעט האָבן געשוויגן און געוואַרט,
און ס׳איז אַוועק אַ טאָג,
און ס׳איז אַוועק אַ נאַכט.
אוי, איר שטעט פון אופגעפלאַמטן לאַנד,
באָרדאָ, טולוזאַ, נאַנט.
עס האָט פּאַריז אויסגעשטרעקט צו אײַך
זײַנע שרײַענדיקע האַנט.
— — — — — — — — —
— — — — — — — — —
און די שטעט האָבן געשוויגן,
און די שטעט האָבן געשטומט.

VI

## ביידע צוזאַמען

ביידע צוזאַמען,
לויִ און מאַדלענע,
מ׳האָט זיי דאָ ליב
אין סענט־אַנטואַנע.

ביידע צוזאַמען,
לויִ און מאַדלענע,
קינדער געטרײַע
פון סענט־אַנטואַנע.

זײַן שוועסטער מאַדלענע
און טויזנטער טעכטער

זײַנען אין שטאָט
געטרײַע װעכטער.

זײ האָבן זיך בײדע
צעקושט אפֿן בריק,
צעקושט און צעשײדט
און געגאַנגען צוריק.

און אױבן אין הײך
א שטומע לעװאָנע
האָט די בּיקסן געצײלט
פֿון שװערע קאַלאָנען.

VII

## ערשטער גרינס צעבּליטער...

ערשטער גרינס צעבּליטער,
דו האָסט נאָך דײַנע קנאָספּן ניט צעװיקלט,
בּיסטו געבּליבּן הענגען שיטער.
און ערשטע בּלעטלעך יונגינקע אפֿ בײמער
האָבּן ערשטע קױלן אָפּגעריסן,
אָפּגעריסן און צעשפּליטערט.
— — — — — — — — —
און א טאָג גײט אװעק,
און א נאַכט.
צו קלײנינקע הײַזער פֿון שטילן מאָנמארט
האָבּן בלײַענע װינטן פֿײַער געבּראַכט,
און שװעסטער און בּרידער,
װי לױז און מאדלענע,
פֿאַלן טױטע אין סענע.

און ס׳גרײַפנ און ס׳גרײַפנ די סאָנימ,
נאָכ פלאַמיקע טריט. פונ סנאַריאַדנ.

— — — — — — — — —

— — — — — — — — —

און אינ שטאָט
איז יונג און אלט אוועק אפ באַריקאַדנ.

VIII

## אפ פאריז גייענ פאָלקנ

שוואַרצער אָוונט,
שוואַרצע וואָלקנס
אפ דעמ רויטנ ראַנד,
אפ פאריז
גייענ פאָלקנ
פונ דעמ גאַנצנ לאַנד.

שוואַרצער אָוונט,
לעצטע יונגענ
קומענ אָנ;
זײַנענ נאָענט
סוינעס רינגענ
בא דעמ שאַטיליאָנ.

און אינ שטאָט
בא באַריקאַדנ
וואַרטנ די ברוקירער,
אָט אָ באַלד
וועלנ סנאַריאַדנ
אופרײַסנ די טירנ.

שוואַרצער אָוונט,
ווײַסער מײַ,
רויטע סקנע,
ווינטן טראָגן
הייסן בלײַ
אַפּ אַנטואַנע.

ווינט.
רעגן.
קויט.
גאַס.

די גאַנצע שטאָט איז פֿײַער.
און עס פֿאַלן
און עס פֿאַלן אַפֿן גאַס
זין געטרײַע.

און האַרמאַטן
שיטן בלײַ,
פֿײַער־צונגען גרעסער.
מײַ, מײַ,
דולער מײַ,
ווער וועט דיך פֿאַרגעסן?
שוואַרצער אָוונט,
שוואַרצע וואָלקנס
אַפֿ דעם רויטן ראַנד,
אַפֿ פּאַריז
גייען פֿאָלקן
פֿון דעם גאַנצן לאַנד.

## IX

# און אין פאריז איז שוין געקומען
# מאַק־מאהאָן...

און אין פאריז
איז שוין געקומען מאַק־מאהאָן,
און ס׳האָט געברענט
מיט בלוט דאָס סענע־וואסער.
זי וועט שוין מער ניט פלאטערן די פאָן
אף טויערן
פון די פאריזער גאסן.

און ווער וועט פאלן
אונטער מאבל פון סנאריאדן,
אָדער אונטער שווערד
פון מאַק־מאהאָן,
נאָר מאדלענע און לוי
בא לעצטער באריקאדע
האלטן שטיַיף א פאָן.

בראָך פון שויבן,
בראָך פון אלטע טירן,
לעצטער אויסגעשריי
פון פלאמיקע סנאריאדן.
צוויי געטריַיע קינדער פון ברוקירער
האָבן זיך באגעגנט
אף דער לעצטער באריקאדע.

בראָך פון שויבן,
בראָך פון אלטע טירן,

און אלע גאסן
זײַנען שוין פֿאַרנומען.
צוויי געטרײַע קינדער פֿון ברוקירער
ליגן ביידע טויט אַרומגענומען.

אָ, געטרײַע זין פֿון אַנטואַנע,
וועלכע מאמעס האָבן אײַך געבאָרן,
איצטער ווייסן מיר, פֿונוואַנען
האָט געשטראָמט אין אײַך
דער ברויז פֿון יענע יאָרן.

X

און אַלע יאָר,
ווען ס'קומען אָן די ערשטע טעג פֿון פֿרילינג,
ווען שניי צעגייט אינמיטן טעג פֿון מאַרס,—
מיר ווילט זיך זינגען,
און אָן אויפֿהער זינגען
לויב די ברידער מײַנע פֿון מאָנמאַרט.

מיר ווילט זיך זינגען און דערמאָנען
דעם רוף פֿון זיגערישע מאָנען
אין אַנטואַנע און מאָנמאַרט,
אין טעג, ווען שניי צעגייט,
אין מיטן טאָג פֿון מאַרט.

---

# נעקאָמע-נעמער

(אינסצענירונג אינ איינ אקט, לויט טעאָג קלאָדעלס דערציילונג).

די סצענע קומט פאָר אינ פאריז דעמ 27-טנ מײַ 1871 יאָר.

## פארשוינענ:

**סאַרדאָק:** — אָנפירער מיט אנ אָפטייל פעדעראליסטנ — פארטיידיקער פונ דער קאָמונע. געוועזענער אויוונ-הייצער, אלט א יאָר 40. שווארצע קורצגעשוירענע האָר. אונ בלאָנדע וואָנסנ: הויכ-געוואוקסיק, א ברייטער שטערנ, א דרייסט אפנ געזיכט. געקליידעט מיליטעריש. דער קאָפּ איז פארבונדנ מימ א ווײַס טיכל, א באפלעקטס מיט בלוט.

**לעאָנא:** — זײַנ פרוי, א האלבנאקעטע, אָפגעריסנ. אירע טונקל-ברוינע האָר זײַנענ צעשויבערט אונ פאלנ אינ אומאָרדענונג איבער די פלייצעס. א בלאס אויס-געמאטערט געזיכט. העל פלאמענדיקע אויגנ, אפ די הענט האלט זי א קינד, אײַנ-געהילט אינ א ציצנ קליידל, באָרוועס.

**אנ אלטער פעדעראליסט:** — א גרויער, הינקט אונטער, טראָגט אנ אוניפאָרמ פונ א נאציאָנאל-גווארדייער. א קורטקע פונ הימלבלויעג קאָליר מיט קופערנע קנעפּ, הויזנ פונעמ זעלביקנ קאָליר מיט העל-רויטע לאמפאסנ, א בלויע קעפּי מיט רויטע עקנ, ווײַסע שיכ. דער אָנצוג איז צעריסנ אונ אײַנגעשמירט אינ שמוצ. אפ די פלייצעס איז בא אימ אַרופגעוואָרפנ א לאנגער סאָלדאטישער שינעל פונ לימענע-קאָליר, א בערויגעזער פאָנעמ, א הייזעריק קאָל.

**וואכ-סאָלדאט:** — א צעריסענער שינעל פונ גרויענ (אָדער גרינעמ) קאָליר, זייער א יונגער.

## 1-טער, 2-טער אונ 3-טער פעדעראליסטנ.

**פארטיידיקער פונעמ פאָרט:** ביז הונדערט מאנ אָנגעטונ פארשיידנ אינ מונדירנ. פונ נאציאָנאלער גווארדיע פונ קאָלערליי קאָלירנ. ארבעטער-אָנצוגנ, געווער פונ קאָלערליי מינימ אונ קאָלירנ, אלע זײַנענ שמוציק אונ אויסגע-מאטערט. שוינ דער 8-טער טאָג אינ אומופהערלעכע שלאכטנ.

די סצענע קומט פאַר אפּן בייסאַלמענ פער-לאשעז. פונ ליינקס אפ רעכטס שנײַדט דורכ די סצענע דער בייסאלמענ-פארקנ. ערגעצ אינ טיפ פונ דער סצענע זעט זיכ א רויטע פאָנ, א פארויכערטע, האלב-צעפליקטע אונ דורכגעלעכערטע פונ קוילנ. נאָענט צו דער ראמפּע איז דורגעלעכערט די וואנט. ס'וואלגערנ זיכ ציגל, צעבראָכענע דענקמעלער. ארום דעם שפּאלט זײַנעג צווישנ די קוואָרים אָנגעהויפנט אינ א האלב־רינג א ריי טארצאמונגענ. א טראנשייע. עטלעכע האוּמאטנ אונ מיטראליעזנ. א נעפּלדיקער מאָרגנ. פונ צײַט צו צײַט הערנ זיכ פאַרדומפּענע קלאנגענ פונ האו־מאטנ-שאָסנ. ס'הערט זיכ סיגנאל-קלאנגענ פונ א האָרנ, די פעדעראליסטנ ליגנ אינ דער טראנשייע, א קליינ הײַפל שטייט ערגעצ פונ יענער זײַט פארצאמונגענ בא א קיווער א. אז. וו.

# ו־טע סצענע

(דער אלטער פעדעראליסט זיצט נעבנ האַרמאַט, דער־בײַ איז צעלייגט ניט קיינ גרויסער שײַטער, בא וועלכנ ס'ווארעמענ זיכ דער 1-טער אונ 2-טער פעדעראליסט. די איבעריקע גייענ אָפּט צו, פארויכערנ אונ גייענ אָפּ צו דער טראנשייע).

**אלטער פעדעראליסט:** — ס'איז שוינ פארבײַ די נאכט אונ דער אָנפירער איז נאָכ אלצ ניטאָ. מיט די ווערסאַלער איז זיכ שווער צונויפריידנ.

**1־טער פעדעראליסט:** מ'האָט ניט באדארפט מיט זיי ריידנ. אָט דאָס הינטל — טיער פארדינט ניט קיינ רייד, נאָר די טליע. דער אָנפירער האָפט, אז די ווערסאַלער וועלנ זײַנ גרויס־מוטיק צו אונדז.

**3־טער פעדעראליסט** (פונ דעם קרײַז, וואָס שטייט ארום שײַטער): צו אלדי שווארצע יאָר אָט די נידערטרעכטיקע מיט זייער גרויסמוט. מ'וואָלט באדארפט ארײַנהאקנ אינ ווערסאל א פּייע גוטע האַרמאַטנ־קוילנ. דאָס וואָלט געווענ דאָס בעסטע. אונ זיי (ער ווײַזט מיטנ פינגער אפּ די האַרמאַטנ) האָבנ פאַרלוירנ די שטימע. דער נאטשאלניק האָט ניט געדארפט גיינ צו זיי זיכ בעטנ. איכ וויל זיכ ניט אונטערגעבנ אפּנ גנאָד פונ די ווערסאַלער מע־נוואָלים.

**אלטער פעדעראליסט:** דער נאטשאלניק וויל ניט קיינ אומזיסטע קאָרבאָנעס, מיר זײַנעג ארומגערינגלט. ארויסווײַזנ

א ווידערשטאנד איז קימאט אומגוצלעכ. מיר קענען נאָר קאפּי־טולירן מיט ערע קעדיי מע זאָל...

1־טער פעדעראליסט: מע זאָל אפּ אונדז טײַטלען מיט די פינגער: איר, פאכדאָגים האָט זיך איבערגעשראָקן פארן טויט. די בורזשואזע מענוּוואָלים זאָלן אונדז שפּײַען אין פּאָנעם און זיך איזדיעקעווען איבער אונדז. אײַנהיטן דאָס לעבן צוליב שאנד...

אלטער פעדעראליסט:—ניט צוליב שאנד, נאָר צו־ליב נעקאָמע. מיר זײַנען הײַנט באזיגט. די קאָמונע וועט פאלן. נאָר מיר וועלן אָבער בלײַבן די טרעגער פון אירע אידעאלן. מיר וועלן נעמען נעקאָמע פארן בלוט פון אונדזערע ברידער, טאַ־טעס, ווײַבער, קינדער, פרײַנט, וועלכעס איז פארגאָסן געוואָרן אפּ די טראָטוארן און באריקאדן פון פאריז. צוליבדעם לוינט צו לעבן.

1־טער פעדעראליסט: די קאָמונע וועט ניט אומקומען, אפילע אויב מיר וועלן שטארבן. זי וועט אויך אָן אונדז בלײַבן לעבן. דער פאָלקס־צאָרן וועט זיך אויסגיסן אפּן קאָפּ פון דער בורזשואזיע, וועלכע פארקויפט פראנקרײַך. אונדזערע נעמען וועלן זײַן די בעסטע נעקאָמע. זיי וועלן לויכטן און פלאקערן פאר יעדן איינציקן, ווער ס׳וויל ניט זײַן קיין שקלאַפ, ווען ס׳איז טײַער די פרײַהײַט, וואָס אין איר נאָמען האָבן מיר געקעמפט. און דער נאטשאלניק...

2־טער פעדעראליסט (שלאָגט אים איבער): דו ווילסט בא־ליידיקן דעם נאטשאלניק. דו ווילסט זאָגן, אז ס׳איז אים טײַער זײַן אייגן לעבן. ס׳איז ניט ריכטיק. איך קען סארדאָקן שוין לאנג. מיר פלעגן צוזאמען פאָרן אפּ איין לאָקאָמאָטיוו פון פאריז קיין באָרדאָ און צוריק. ער איז געווען אן אויוון־הייצער, און איך זײַן געהילפ...

1־טער פעדעראליסט: יאָ. און איך וואָרפ זיך אים אונ־טער. נאָר ניט דעריין גייט עס. בא סארדאָקן איז דאָס לעבן פון

אנדערע מענטשן שטענדיק געווען טײַערער פֿון זײַן אייגן לעבן. איך געדענק, איינמאָל גאנצפֿרי, ווען מיר האָבן זיך מיט אונדזער לאָקאָמאָטיוו שוין געהאט דערנעענט צו פּאריז, האָבן מיר גע־לאָזט די מאשין אין פֿולן גאנג. און פּלוצלינג... די האָר שטעלן מיר זיך קאפּויר... פֿאָרויס... אפֿ די רעלסן... א מענטש... אָפּ־שטעלן די מאשין... נאָר ס'איז באַרג אראָפּ און ס'איז אומעג־לעך אָפּצושטעלן. דער אומגליקלעכער איז פֿארפֿאלן. נאָר אין דער־זעלבער מינוט איז שוין סארדאָק נעבן קעסל. איך הער בלויז, ווי ער זאָגט מיר: „זשאן, גיב א סיגנאל, בינד צו דעם שטריק און גיי נאָך מיר". ער איז געבליבן הענגען אפֿן שטריק און האָט זיך מיט די פֿיס אײַנגעקלאמערט אין די בופֿערס. מיר זײַנען ארופּ־געפֿלויגן אפֿן ליגנדיקן מענטשן. איך האָב ניט געגלויבט, אז ער וועט געראטעוועט ווערן. נאָר דער מענטש איז שוין געווען בא סארדאָקן אין די הענט. דאָס איז געווען א פֿרוי... זי איז פֿאר־פֿירט געוואָרן דורך א יונגן בורזשוי, וועלכער האָט זי דערנאָך אוועקגעוואָרפֿן, און זי האָט זיך דעריבער געוואָרפֿן אונטערן צוג. סארדאָק האָט זי געראטעוועט... און זי איז געוואָרן זײַן פֿרוי.

1-טער פֿעדעראליסט: ווו־זשע איז זי איצט?

2־טער פֿעדעראליסט: זי איז געבליבן דאָרט. אינגיכן דאַרף זי געבוירן א קינד. ס'קען זײַן, אז דאָס קינד איז גע־שטאָרבן... ווי נאָר ס'איז געבוירן געוואָרן... און סארדאָק איז מיט אונדז.

אלטער פֿעדעראליסט—(צום ערשטן פֿרדעראליסט): ס'טרעפֿט, אז מ'דאַרף אמאָל אָפּטרעטן, קעדיי צו טון א בעסערן שפּרונג. אײַנ־היטן דאָס לעבן ניט צוליבן לעבן, נאָר אין נאָמען פֿון קאמף. דער נאטשאלניק איז גערעכט, און מיר... מיר... דאַרפֿן אים גלויבן.

1־טער פֿעדעראליסט: איך ווייס עס, אלטיטשקער, נאָר... (א פֿויק-געוויש האקט אים איבער די רייד).

**וואכ־סאָלדאט:** ווער גייט עס...

**שטימע:** אייגענע.

(און דורכריס באוויַיזט זיך סאַרדאָק. ער שפּרינגט לײַכט אַריבער איבער א הויפן ציגל אין פאַרצאַמונגען צווישן די דענקמעלער, גייט שנעלער צו צום שײַמער, נאָך אים דער פּויקער און צוויי פּעדעראַליסטן, בא איינעם פון זיי הענגט אפּן שפּיז א ווײַסע פאָג. ער רײַסט זי מיט צאָרן אראָפּ. די סאָלדאטן רינגלען ארום סאַרדאָקן).

**אַלטער פּעדעראַליסט:** מיר הערן.

**שטימען:** וואָסערע ידיעס? וואָס פאַר אַ ענטפער?

**סאַרדאָק** (וואַרפט א לאַנגן בליק אף אַלעמען): מ'לייגט אונדז פאָר זיך אונטערגעבן אָן טנאָים. פינף און צוואַנציק מינוט אף באַטראַכטן, טײַערע פרײַנט.

**שטימען:** אָן קיינע טנאָים?..

**אַלע איינמוטיק:** „זאָל לעבן די קאָמונע!", „אַראָפּ טיער!", „אַ טויט די ווערסאַלער!".

**סאַרדאָק:** פינף און צוואַנציק מינוט אף באַטראַכטן... אף די ערטער, כאַווײַרים... מ'דאַרף מאַכן אַן איבערוף און צונויפרעכענען, וויפל זײַנען פאַרבליבן האַרמאַטן־קוילן (ער לאָזט זיך שווער אַראָפּ אַפן לאַפעט פון א האַרמאַט און פאַרטראַכט זיך).

די פּעדעראַליסטן גייען זיך שנעל פאַנאַנדער צו דער וואַנט. אין טראַנשייע הערן זיך אייַנצלנע אויסרופן: „די פאַרוווּנדעטע באַזונדער!", „ווו איז פלאָראַנס?" א. אז. וו.

**אַלטער פּעדעראַליסט** (גייט צו צו סאַרדאָקן): אָן קיינע טנאָים און א גוטן טוץ קוילן יעדן פון אונדז. אָט דאָס איז דער גענאָד פון די באַזיגער. אַן איבעריקער בעכער בלוט פאַר ווערסאַל. טיער איז שוין שיכּור פון בלוט און ער וואַרט אף נײַ, פרישן בלוט... זיי ווייסן נאָך ניט, ווי מיר קענען צאָלן פאַר זיך...

**1־טער פּעדעראַליסט:** דרײַ הונדערט מאַן, פון זיי צוויי הונדערט זיבן פאַרוווּנדעטע, און טויזנט פּאַטראָנעס.

ס א ר ד אָ ק: אזוי, הייסט עס, דרײַ און נײַנציק פּעיקע צו פירן א שלאכט, און צען פּאטראָנעס אף א מענטשן.

אלטער פעדעראליסט: מײַנע צען וועלן ניט אויסגע־בראכט ווערן אומזיסט. כ׳וועל זיי צווינגען טרעפן אין ציל.

ס א ר ד אָ ק: צו מיר, פרײַנט! (די פעדעראליסטן קלײַבן זיך ארום אים). ברידער... אין א פערטל שאָ ארום וועלן די „באַ־רויִקער" זײַן דאָ... זאָל יעדער פון אײַך זײַן גרייט זיי צו באגע־גענען, ווי ס׳געהער צו זײַן... זאָלן אונדזערע קינדער דערציילן וועגן דעם, וויאזוי, מיט וואָס פאר מוט דרײַ און נײַנציק מאַן האָבן געקענט אומקומען אפן בייסאלמען פּער־לאשעז. מיט אונדזער בלוט וועלן מיר ארײַנשרײַבן דעמדאָזיקן טאָג אין דער געשיכטע.

אלגעמיינער אויסרוף: „זאָל לעבן די קאָמונע!".

ס א ר ד אָ ק (זעצט פאָר): יענער, וואָס ס׳וועט קומען נאָך אונדז און וועט איבערנעמען אונדזער פאָן, אן אײַנגעטונקענע אין בלוט, וועט מיט שטאָלץ זאָגן: „זיי האָבן געקענט שטארבן". און די קאָמונע וועט אופלעבן. דאָס מענטשלעכע גליק קען ניט אומ־קומען. מ׳האָט פאר דעם באצאָלט מיט בלוט. הײַנט, קען זײַן, וועט מען עס בא אונדז צונעמען. נאָר דאָס פאָלק וועט אָבער ווידער אופהייבן זײַנע מעכטיקע הענט און די וועלט וועט ווידער דערהערן: „זאָל לעבן די קאָמונע"! און וועט זיך דערמאָנען אין אונדז...

וו א כ ־ ס אָ ל ד א ט: ווער גייט עס... שטיי...

(ס׳דערהערט זיך אן אומרויִקער סיגנאל פונעם האָרן; סארדאָק ווארפט זיך אין דער ריכטונג נאָכן סיגנאל פון האָרן, די פעדעראליסטן גייען זיך פאנאנדער. באַם ארײַנגאנג אין טראנשייע שטויסט זיך סארדאָק אָן אף א פרוי אין דער באגלייטונג פון צוויי וואכ־סאָלדאטן).

ס א ר ד אָ ק: דו (ווארפט זיך צו דער פרוי). דו...

ל ע אָ נ א: יאָ, דאָס בין איך. איך בין געקומען שטארבן צו־זאמען מיט דיר, סארדאָק.

ס א ר ד אָ ק: (נעמט זי ארום).

לעאָנא (קוקט אפ אים לאנג): יאָ, איך וועל ענטפערן אפ דער פראגע, וואָס איך לייען ארויס פון דייַנע אויגן. יאנאר, דיומע, קסאניע, סאראזאר, און אלע אונדזערע פרייַנט האָבן אויסגעפּילט זייער כויוו און זייַנען אומגעקומען... (א הייַפל פעדעראַליסטן נעמען ארויף די קעפּיס און בויגן אָן די קעפּ).

לעאָנא (זעצט פאָר): אלביען, דייַן ברודער איז העלדיש און מוטיק אומגעקומען צוזאמען מיט זיי. מיט עטלעכע שאָ צוריק האָב איך אים געזען, ווי ער ליגט צופוסנס בא דער יולי-קאָלאָנע. יאָ, איך האָב געזען, וויאזוי זייַן בלוט האָט באפארבט די בראָנזע, אפ וועלכער עס איז מיט גאָלדענע אויסיעס געווען אויסגעקריצט דער נאָמען פון דייַן פאָטער, וועלכער איז געפאלן אין יאָר 1830. אפן באסטיליע־פּלאץ וואלגערן זיך א מאסע דערהארגעטע. מענער, פרויען, קינדער, קעמפערס און זייַטיקע צושויער — אלע זייַנען צעשאָסן געוואָרן. די ווערסאלער האָבן קיינעם ניט געשוינט.

אלטער פעדעראליסט: מענוואָלים.

(צווישן די פעדעראליסטן הערן זיך אויסרופן פון אופרעגונג)

לעאָנא: מ'האָט זיי געהייסן: הארגעט... און זיי האָבן גע־הארגעט. מ'האָט גענומען געפאנגענע דייַן שוועסטער מיט איר מאן און מ'האָט זיי צעשאָסן. אין א שאָ ארום וועט מען מעגלעך פון מיט אונדז דאָסזעלבע. נעכטן ארום האלבער נאכט בין איך ארויס פון שטוב און בין אכט שאָ נאָכאנאנד ארומגעגאנגען איבערן שטאָט אונטער א האָגל פון קוילן, צווישן בלוט און פייַער. פּאריז ברענט, ער קומט אום צוזאמען מיט דער רעוואָליוציע. אונדזערע האָבן געהאלטן וואָרט. אויב די ווערסאלער ווילן א קעניג, טאָ זאָל ער פאר אים בויען א נייַע הינטישע שטייַג. פּאלע־ראיאַל איז מער ניטאָ. ס'איז אויך מער ניטאָ טיולערי...

(אויסרופן פון די פעדעראליסטן: ווויל! ווויל!...)

לעאָנא: איצט וועט מען שוין גלויבן דער שווע פונעם פּאריזער בלוט־טרעגער: ניצאָכן אָדער טויט... ער האָט געהאלטן

װאָרט אונ וועט צוזאמענ מיט זײַנ טרוימ אומקומענ אונטערנ אש פונ זײַנ אלטער שטאָט. ווינטער האָט מענ אונדז פארזיכערט, אז אונדזערע וועלנ אפילע קיינ שאָ ניט אויסהאלטנ אנקעגנ סוינע. זיי האָבנ באוויזנ, וואָס זיי וואָלטנ געקענט אופטונ, ווענ מ'וואָלט זיי געווענ שיקנ קעגנ די פרײַסנ. איצט זײַנענ זיי באזיגט. די סענע איז רויט געוואָרנ פונ בלוט. אלע טראָטוארנ זײַנענ באגאָסנ מיט בלוט. אינ פאריז האָט מענ אײַנגעאָרדנט א גלענצנדע מעסע. די שטאָט שלאָפט אפ א רויטנ געלעגער. (אינ עקסטאז). נאָר דערדאָזיקער בארמינענ וועט ווענ עס איז ווידער אופלעבנ אונ א דיר טונ מיט אנ אײַוועער. דעמאָלט וועלנ די שטיינער אליינ זיכ אופהייבנ אונ אָנהייבנ ריידנ.

(באתיליקונג-אויסרופנ צווישנ די פעדעראליסטנ. זיי הערנ גיריק, וואָס לעאָנא רעדט).

לעאָנא: גאָט מײַנער, וואָס איכ האָב זיכ נאָכ אָנגעזועגנ... אָט דידאָזיקע פויערימ, וואָס די בורזשואזיע האָט זיי פארשקלאפט אונ פארוואנדלט אינ סאָלדאטנ, אָט דידאָזיקע ווילדע קנעכט האָבנ צעשאָסנ אונדזער פרײַ פאָלק אונ געהארגעט אלע יענע, וועמ ס'האָט נאָר געדענקט, זיכ געלערנט אונ זיכ גערעכנט פאר א מענטשנ... פרעגט ניט, וויאזוי איכ האָב זיכ דערקלויבנ אהערצו,— פרעגט ניט. מ'האָט מיכ פארפאָלגט. מ'האָט מיכ שוינ געהאט פארורטיילט צומ שיסנ. נאָר איכ בינ געבליבנ לעבנ אונ איכ בינ ווײַטער געגאנגענ. מיכ האָט דער טויט ניט געשראָקנ, נאָר איכ האָב דיכ געוואָלט געפינענ. איצט בינ איכ גרייט צו באגעגענענ דעמ טויט... (זי לייגט אוועק די הענט אפ סארדאָקעס פלייצעס).

נאָר, טײַערער מײַנער, איכ בינ אהער געקומענ ניט אליינ...

סארדאָק: וואָס? איז דענ מעגלעכ? דו שפאסט? (ער איז שרעקלעכ אופגערעגט. די פעדעראליסטנ קוקנ דערשטוינט אפ אימ).

לעאָנא: קוק (זי וויקלט פאנאנדער טראנטעס אונ באווײַזט אימ דאָס קינד, וועלכנ זי הייבט אפ די הענט) דאָס איז אונדז'ער זונ! (די פעדעראליסטנ באגעגענענ דאָס קינד מיט אפלאָדיסמענטנ אונ מיט צערטלעכע אויסרופנ).

ס א ר ד אָ ק (נעמט דאָס קינד אפּ די הענט): איך האָב אים. דוכט זיך. שוין געזעען. איך דערקען אים.

אַ ל ט ע ר פּ ע ד ע ר א ל י ס ט: דײַן זון איז ענלעך אפּ דיר.

ל ע אָ נ א (אנטציקט): אָ, שוין־זשע.

ס א ר ד אָ ק: יאָ, אפּ מײַנ זיידן, וועלכן מ׳האָט געטויט אפּנ גרעווער פּלאַץ. ער איז געווענ א פּוריטאנער. ער האָט ניט גע־וואָלט בעטנ קיינ באגנעדיקונג בא די סאָנים און זיי האָבנ אים געהארגעט. אָ, דאָס איז געווענ א שטארקער מענטש. מײַנ זון איז ענלעך אפּ אים. וועט זײַנ ענלעך אפּ אים.

ל ע אָ נ א (פּארטראכט): ער האָט נאָך ניט קיינ נאָמענ. איך וויים נאָך ניט זײַנ נאָמענ. (מ׳לייגט אוועק דאָס קינד אפּ א שינעל, וועל־כער ליגט אויסגעשפּרייט בא די פּעדעראליסטנ אפּ די הענט).

אַ ל ט ע ר פּ ע ד ע ר א ל י ס ט (פּײַערלעך): פרײַנט מײַנע. געדענקט אונדזערע רומפולע אורעלטערנ בעשאס דער גרויסער פראנצוי־זישער רעוואָליוציע, געדענקט זייער צוואָע: „אויב די קעניגלעכע רעגירונג איז אויוועק אפּנ רעכט פונ פאָלק, איז דער הייליקער און דירעקטער כויוו פונ פאָלק אופצושטיינ קעגנ דער רעגירונג״. מיר זײַנען געבליבנ טרײַ זייער צוואָע. מיר האָבנ אָרגאניזירט אנ אופשטאנד, נאָר מ׳האָט אונדז צעקלאפּט. הײַנט, קענ זײַנ, איז דער לעצטער טאָג, וועג די זונ שײַנט נאָך פאר אונדז. נאָר איך שווער בא מײַנע אלטע ווונדנ, אז מיר וויסנ נים פונ קיינ פארצווייפלונג. מיר זײַנענ באזיגט, נאָר מיר האָבנ געזיגט. מיר שטארבנ, קעדיי צו לעבנ.

מיר פאלנ פונ די קוילנ, וואָס די ווערסאלער שיטנ אפּ אונדז. נאָר מיר וועלנ ניט אומקומענ אָנ א שפּור. אָט דאָסדאָזיקע קינד וועט אונדז איבערלעבנ, און אָט דאָסדאָזיקע ייִנגל, דער זון פונ אונדזער אָנפירער־ברודער, וועט זײַנ אונדזער אלעמענס זון, ער וועט זײַנ אונדזער האָפענונג, אונדזער ניצאָכנ. ער וועט זײַנ דער יוירעש פונ אונדזער אומשטערבלעכנ צאָרנ, די לעבעדיקע פארקער־פּערונג פונ אונדזער צוקונפטיקנ רום, פונ אונדזערע גרויסע מענטשנ.

א ל ג ע מ יי נ ע ר  א ו י ס ר ו פ: „זאָל לעבן דער קאַמפּ, זאָל זאָל לעבן די קאָמונע!״

ס א ר ד אָ ק: אײַלט זיך צו, מײַנע פרײַנט, מײַנע דרייסטע קעמפער, שוין צײַט.

א ל ט ע ר  פ ע ד ע ר א ל י ס ט: מיר וועלן באשפריצן זײַן טויפונג מיט אונדזער בלוט, מיר וועלן אים געבן א נאָמען, וועלכער וועט דערמאָנען וועגן האס צו מערדערס, וועגן ליבע צו פרײַהײַט, וועגן פאראכטונג צום טויט און וועגן אומויפהערלעכער שטרעבונג צום קאמפּ. מיר וועלן אים געבן א נאָמען...

א ל ע (שטויסן זיך אָן): נעקאָמע־נעמער.

א ל ט ע ר  פ ע ד ע ר א ל י ס ט: נעקאָמע־נעמער. זאָל ער וואקסן מיטן דאָזיקן נאָמען און ער זאָל ווערט זײַן צו זײַן דער זון פון דרײַ הונדערט אומגעקומענע אין נאָמען פון דער קאָמונע.

ל ע אָ נ א: זאָל ער וואקסן, ווי אײַער זון, און איך וועל אים דערציילן, וויאזוי ס׳איז אומגעקומען זײַן זיידע, זײַן פאָטער, און איר, זײַנע רויטע טויפ־פאָטערס. איר קענט שטארבן רויק, שטאָלצ... ער וועט לעבן, קעדיי צו נעמען נעקאָמע פאר אײַך. איך, לעאָנא, שווער אײַך, אז ער וועט ווערט זײַן צו טראָגן דעם נאָמען, וועלכן ער האָט הײַנט באקומען.

(ס׳דערהערט זיך איין שאָס, א צווייטער, א דריטער, ס׳דערטראָגט זיך דאָס קנאקן פון א הארמאטן־שאָס, א פויק־גערויש.)

א ל ט ע ר  פ ע ר ע ר א ל י ס ט: צום געווער! — ווערסאלער.

ס א ר ד אָ ק (רויק): זיי האָבן פארשפּעטיקט צום ווייניקסטן אפּ צען מינוט. זײַ געזונט, מײַן פרוי (ער נעמט זי ארום). זײַ געזונט, זון (ער קושט דאָס קינד). פאָרויס, פרײַנט, אונדזער זאך וועט ניט אומקומען, אונדזערע קינדער וועלן נעמען נעקאָמע פאר אונדז. ס׳וועט גאָרניט גיין פארלוירן. זאָל לעבן די רעפּובליק!

א ל ע: זאָל לעבן די קאָמונע!

(א שיסערײַ מיצאד די פעדעראליסטן, אין דורכריס באווײַזן זיך ווערסאלער).

פ אָ ר ה א נ ג

# דער אומגעוואלגערטער צעזאר

אין גרויסן זאל פון מיניסטעריום — א גרויסער האמוין. דער גאנצער באלקאָן איז שוין פארנומען. דורך די ברייטע צעעפנטע פענצטער זעט זיך דער פלאץ, וואָס ווימלט מיט מונדירן. די זון באקט אומבעראכמאָנעסדיק דעם ברוק.

א יונגער קאָמאנדיר פון איינעם פון די אָנצאָליקע פרײַוויליקע באטאליאָנען — נעקאָמע־נעמער, פארטיידיקער, אָדער טיורקאָסן — שטייט אָנגעשפארט אין דער גראטע פון דער קאָלאָנע. ער איז אָנגעטון אין רויטע הויזן, א רויטער קעפי, א רויט העמדל, אף וועלכן עס פינקלט א דרײַפאכע ריי גאָלדענע אקסלבאנטן.

אף די ראָגן פונעם פלאץ בלישטשען די מעשענע אינסטרו־מענטן פון די מיליטערישע אָרקעסטערס.

הינטער אונדז געפינען זיך פינף אָדער זעקס מיטגלידער פון דער קאָמונע: מיִאָ מיט זײַן הויכער פיגור און לאנגער ווײַסער באָרד, דאָ דערנעבן — דער קליינינקער פעררע מיט א פּאָנעם, א פארוואָק־סענעם מיט א שווארצער באָרד, מיט א הויקערדיקער נאָז און מיט א פּאָר בלוי־שווארצע אויגן, זייער ווייכע און דאָך ברענענדיקע, מיט א מעשונעדיקן פּײַערל דורך די גלעזלעך פון די פענסנע.

בא דער קאָלאָנע שטייען בא א האלב טוץ מענטשן, וואָס ריידן לעבעדיק און באטראכטן דעם שניט פונעם שטיין.

— נאָך עטלעכע מאָל גייט דורך מיט דער זעג — באפוילט איינער פון זיי.

און די זעג הייבט אָן ווידעראמאָל זעגן דעם שטיין. עס הייבט זיך אוף א לײַכט ווײַס וואָלקנדל.

— וויל... איצטער קענ מענ שלעפנ...
האלב פיר.
מע שלעפט.
— קראכ!
דאָס דרייהענטל האָט ניט אויסגעהאלטנ. די שטריק ווערנ אָפּגעשוואכט. א גערודער פונ אנטוישונג. מ׳זאָגט, אז עס זײַנענ דאָ פאררווונדעטע. מ׳לויפט נאָכ נײַע שטריק... עס גייט דורכ א גאנצע שאָ.
אינ אייגעם פונ די ווינקלענ פונעם פלאצ קײַקלט מענ אָפּ אָנ א זײַט די אסטראָנאָמישע טרויב, א פארגעסענע אונטערנ אָפּענעם הימל; זי וואָלט געקענט צעקוועטשט ווערנ אומזיסט אונ אומגישט.
א פערטל אפ זעקס. די מענטשנ, וואָס שטייענ אפנ פיעדע־סטאל האקנ ארײַנ קלינעס אינעם שניט באַם פונדאמענט פונ דער קאָלאָנע. קעדיי צו בארויִקנ די אומגעדולדיקײַט פונעם האמוינ, שפּילנ די אָרקעסטערס די מארסעליעזע. די גאס קאסטיליאנע אונ די שאָלעמ־גאס ווימלענ מיט מענטשנ, וואָס קוקנ פונ הינטער די באריקאדנ.
פלוצלונג ווערנ די אָרקעסטערס אנשוויגנ. אינ דער סאמע הייכ פונ דער פלאטפאָרמ באווײַזט זיכ אנ אָפיצער, וואָס נעמט אראָפּ די רויטע פאָנ אונ פארבײַט זי מיט א דרײַפארביקע.
א ציטער לויפט דורכ איבער מײַנע אָדערנ. מיר דוכט זיכ, אז די קאָלאָנע האָט זיכ א שאָקל געטונ.
דער אָפיצער פארשווינדט. ער לאָזט זיכ אראָפּ אפנ לייטער. אכ, ווענ זי וואָלט אינ יענער מינוט אומפאלנ אינאיינעם מיט אימ.
ניינ, אָט איז ער!
בא מיר רײַסט זיכ ארויס א זיפצ פונ דערלײַכטערונג, וואָס פאר אנ אומזיניקער געדאנק עס איז מיר געקומענ אינ קאָפּ ארײַנ! ניינ, זי שטייט נאָכ פעסט! די שטריק וועט זיכער ווידעראמאָל זיכ איבעררײַסנ...

פלוצלינג האָט פאר מײַנע אויגן עפּעס א שווינדל געטון, וואָס איז ענלעך געווען אף א שוועב פון פליגלען פון א גיגאנטישן פויגל. אך, איך וועל קיינמאָל ניט פארגעסן דעמדאָזיקן קאָלאָסאלן שאָטן, וואָס האָט דורכגעשניטן מײַן זע־קרײַז.

אוף!

א וואָלקן שטויב...

אלץ איז פארענדיקט...

די קאָלאָנע ליגט אף דער ערד, א צעבראָכענע אף שטיקער, איר שטיינערנער אינגעווייד איז איבערגעקערט. דער געקעפּטער צעזאר ליגט אף דער פּלייצע. דער קאָפּ, דער געקרוינטער מיט לאָרבער, האָט זיך אָפּגעקײַקלט, ווי א קירבעס, צום ראנד פון טראָטואר.

## ס. באָגדאנאָוויטש

# די קאָמונארן

(פון ביכל „פּיאָטער קראָפּאָטקין")

אינעם קליינעם שטעטעלע נעווישאטעל האָט זיך קראָפּאָטקין באקאנט מיט מאלאָנען, דאָס איז געווען אן אָנגעזעענער אָנטייל־נעמער פון דער פאריזער קאָמונע.

אין 1871 זײַנען די פאריזער ארבעטער אופגעשטאנען קעגן דער בורזשואז־רעפּובליקאנישער רעגירונג און האָבן איבערגענומען די מאכט צו זיך אין די הענט. די נײַע מאכט האָט געהייסן „קאָמונע".

אָבער די קאָמונע האָט זיך געהאלטן ניט מער ווי צוויי מיט א האלבן כוידעש. די אלטע רעגירונג, וואָס האָט זיך באפעסטיקט אין ווערסאל, איז ארויסגעטראָטן קעגן דער קאָמונע, און די

דעגירונג־כאַיאָלעס, די ווערסאַלער, אָנגעפירט פונעם גענעראַל גאַליפע, האָבנ זיכ אַרײַנגעריסנ אינ פּאַריז. די קאָמונאַרנ האָבנ זיכ העלדיש אָפּגעשלאָגנ, אָבער יענער צאַד איז געווענ שטאַרקער אונ האָט נאָכ גרויסע אָנשטרענגונגענ געזיגט. ערשט דאַנ האָבנ זיכ די ווערסאַלער אַכזאָריש אַרופגעוואָרפנ אפ די קאָמונאַרנ. טויזנטער קאָמונאַרנ זײַנענ אויסגעשאָכטנ געוואָרנ אפ אַנ אַכזאָריעס־דיקנ אויפנ. ס'איז דערגאַנגענ אַזוי ווײַט, אַז די ווערסאַלער האָבנ ניט געשוינט אפילע קיינ אַלטע לײַט מיט קיינ קינדער.

דעמ קאָמונאַר מאַלאָנ האָט זיכ אײַנגעגעבנ ניצל צו ווערנ אונ ער איז אַנטלאָפנ אינ דער שווייץ. ער איז געווענ אַ קוישנ־פלעכטער. האָט ער זיכ גענומענ צוריק צו זײַנ מעלאָכע אונ פאַר־דינט מיט דעמ אפנ לעבנ.

פונ פרי ביז שפּעט פלעג ער אויסזיצנ אונטער דעמ קליינעמ דעכעלע, וואָס איז געווענ צוגעבויט צו אַ באַרג־שיפּוי ניט ווײַט פונ שטאָט, אונ ער פלעגט זיכ פלעכטנ פונ ווערבע־צווײַגלעכ זײַנע קוישנ.

ס'ניט געווענ דער פרימאָרגנ, אַז קראָפּאָטקינ זאָל זיכ ניט אופהייבנ איבערנ שמאָלנ באַרג־שטעגעלע אונ ניט אוועקגייג געווירע ווערנ מאַלאָנענ. זיי האָבנ זיכ שטאַרק באַפרײַנדעט. קראָפּאָטקינ האָט זיכ אי געכידעשט, אי געווענ אַנטציקט פונ מאַלאָנענ:

צי דענ האָט דער־אָ רויִקער אונ גוטמוטיקער מענטש זיכ געשלאָגנ אפ די באַריקאַדנ אונ איז נאָכ דורכ אַ נעס ניצל געוואָרנ פונעמ טאַליענס האַנט?

מאַלאָנ האָט זייער שיינ געקענט דערציילנ. שאָענווײַז פלעג ער אָנדערציילנ דעמ יונגנ רוס וועגנ זײַנע פרײַנט, די קאָמונאַרנ, מײַסעס גאָרניט קיינ פריילעכע, אָבער זייער אינטערעסאַנטע. וויאַזוי דעמ האָט מענ געשאָסנ, דער איז אומגעקומענ אפ די באַריקאַדנ, דער איז אַנטלאָפנ, נאָר, ווער ווייסט, צי ס'האָט זיכ אימ אײַנגעגעבנ צו בלײַבנ לעבנ...

גאָר שטאַרק האָט ער זיכ באַומרויִקט וועגנ איינעם פונ זײַנע פרײַנט, וועגנ דעם שוסטער פענדי...

— ווער ווייסט, מיט וואָס ער האָט געזינדיקט? צי לעבט ער כאָטש? — פלעג אָפט מאַלאַנ איבעררײדנ. — ניט איינ ארבעטער האָט אָפגעצאָלט מיטנ לעבנ בא גאַליפּעס סאָלדאַטנ אינ די הענט, ווײַל מ׳פלעג מיינענ, אַז דאָס איז פענדי. אונ זיי האָבנ געשוויגנ, קיינ וואָרט ניט געזאָגט. סײַווי איז דאָס לעבנ פאַרשפּילט, אָבער זאָלנ די טאַליאָנים מיינענ, אַז פענדי איז שוינ טויט, אונ זיי וועלנ אים עפּשער אופהערנ זוכנ.

איינמאָל אינדערפרי האָט קראָפּאָטקינ דערזעענ פונדערווײַטנס מאַלאַנענ. יענער האָט אומגעשפּאַצירט איבערנ גרינעם לאָנקעלע. קראָפּאָטקינענ איז געוואָרנ א כידעש די מײַסע. דער פלײַסיקער מאַלאַנ פלעג דאָכ איידער ס׳ווערט גוט פינצטער קיינמאָל ניט אַוועקגיינ פונ זײַנע קוישנ. אָבער נאָכ מער איז ער געוואָרנ נײַגיריק, בעשאַס ער האָט דערזעענ מאַלאַנענ גוט אינ פּאָנעמ, — אָט דאָס־אָ רויִק ברייטע געזיכט מיט די טרויעריקע קליינע אויגנ האָט זיכ הײַנט אַזוי צעשײַנט, די ליפּנ האָבנ זיכ צעשוומענ אינ א גוטמוטיקנ שמייכל, אַרומ די אויגנ האָבנ זיכ אַלע קנייטשנ העל צעשטראַלט.

— פענדי לעבט! — האָט ער אויסגערופנ מיט א סימכע, ווי גאָר ער האָט דערזעענ קראָפּאָטקינענ. — איכ האָב באַקומענ פונ אים א בריוו. ער געפינט זיכ טאַקע דאָ אינ דער שווייצ.

מאַלאַנס געוויינלעכ שטילע אונ איינטאָניקע שטימ האָט איצט געקלונגענ אַזוי מוטיק אונ לוסטיק:

— איר מעגט זיכ אומיסטנ פאַרגינענ אויסהערנ, וויאַזוי ס׳איז זיכ אַלצ פאַרלאָפנ! ער איז דאָכ מיט ניסימ געבליבנ א לעבעדיקער! בעשאַס מ׳האָט צעקלאַפּט די קאָמונע, האָט ער געמאַכט פּלייטע צו די ארבעטער־קוואַרטאַלנ אָפ מאָנמאַרטר. איינע א יונגינקע נייטערנ, וואָס האָט זייער ליב געהאַט פענדינ, האָט זיכ אײַנגעשטעלט אונ אים באַהאַלטנ בא זיכ אינ שטוב. אָבער פענדי האָט

דאָך געהאַט סאָנים, אָ, א יאַם מיט סאָנים, האָבן זיי אומעטום געזוכט פענדין. אײנעם האָט זיך אויסגעוויזן, אז ער האָט אים דאָ געזען, דעם צווייטן האָט זיך אויסגעדוכט — אז ער האָט אים דאָרט געזען. דער גענעראל גאליפע פלעגן באַקומען הונדערטער מעסירעס, און פענדי איז זיך דערווײַל שטילינקערהייט איבערגעזעסן בא דער נייטערן.

אָבער איינמאָל איז ער ארויס אפ א רעגעלע פארן טויער, און דער קרעמער, וואָס האָט געוווינט אין יענעם הויף, האָט אים באמערקט. קלאָר, אז ער האָט גלײַך אָנגערופן סאָלדאטן, און זיי האָבן באלאגערט דעם הויף.

פענדי איז צו יענער צײַט געווען אין הויפל און האָט אָנגעשעפט אן עמער וואסער פון ברונעם. זײַט זיכער, אז א צווייטער אפ פענדיס אָרט וואָלט זיך מינאסטאם די רעגע געלאָזט לויפן הענדום־פענדום, און די סאָלדאטן וואָלטן אים טאקע אופגעכאפט... אָבער ווי מיינט איר? וועט דען פענדי אונדזערער זיך לאָזן אופטון אזא נארישקײַט? דאפקע ניין! ער האָט ארופגענומען דעם עמער וואסער אפ די אקסלען און איז פאמעלעך אוועק אפ זײַן פינפטן שטאָק. פאר דער צײַט זײַנען שוין די סאָלדאטן פארשטייט זיך, געווען בא זיי אין קווארטיר. האָט זיך פענדי אָפגעשטעלט לעם טיר און הערט זיך אײַן.

הערט ער, ווי איין סאָלדאט רופט זיך אָן צו דער נייטערן:

— צי באהאלט זיך, מאדעמואזעל, בא אײַך אָפטמאָל ניט אויס איינער א בונטאר, דער שוסטער פענדי? מיר דארפן ארומזוכן אײַער קווארטיר.

— מיטן שענסטן קאָוועד, — האָט דאָס בראווע מיידל געענטפערט, — זוכט ווו איר ווילט. נאָר איר וועט בא מיר קיינעם ניט טרעפן, איך וווין איינע אליין מיט מײַנעם א ברודער.

דאן האָט פענדי געעפנט די טיר, די עמער האָט ער געלאָזן אפ די טרעפ. און ער איז ארײַן אין שטוב ארײַן.

— אָט איז ער, מײַן ברודער זשאן, — זאָגט די נייטערן.

— וואָס ווילן די מענטשן, לויזע? — האָט פענדי ווידער געפרעגט.

— זיי זוכן דעם בונטאר פענדי, — האָט די גייטערן געענטפערט, און אים א קוק געטון גלייך אין די אויגן.

— איך קען גאָרניט אזעלכן. און אייך איז עס נאָך ניט נימעס געוואָרן, כעוורע, אָפצושיקן מענטשן אפ יענער וועלט? — רוקט זיך אונטער פענדי צו זיי מיט א פראגע.

— אָ, פון אונדזערטוועגן וואָלט שוין לאנג געמעגט זיין גענוג! — האָט איין יונג סאָלדאטל אויסגערופן, און דער צווייטער סאָלדאט בורטשעט:

— בא אונדז הייסן די בונטארן לעבעדיקע מייסים, דערפאר ווייל ווי נאָר זיי פאקן זיך צו אונדז אין די הענט, איז שוין נאָך זיי!

— דאָס ערגסטע איז פאר מיר, ווען ס׳קומט צום אופוואל־גערן א קופע נאָך ווארעמע יונגעלייט און צו באגיסן זיי מיט געלאָשענעם קאלכ...

— איך זע, — זאָגט די גייטערן, — אז די ארבעט קריכט אייך שוין גוט פון האלדז. זעצט זיך שוין צו אפ א רעגע און פארזוכט כאָטש בא מיר צו גלעזלעכ ווייַן.

— בא אזא אָנגענעמער באלעבאָסטע, — טוט זיך שוין א ווערטל איינ סאָלדאט, — איז ניט שייעכ זיך אָפצוזאָגן, אויב מ׳גיט עפעס פארזוכן.

האָט די גייטערן אָנגעגאָסן אלעמען צו גלעזלעכ, די סאָלדאטן האָבן מיט פענדין א קלאפ געטון מיט די גלעזלעכ, האָבן באדאנקט לויזען און דערנאָך האָט זיך דער עלטסטער זייערער אָנגערופן:

— אנו, ברידערלעכ, צייט צו גיין! מירן אייך מער ניט באומרויִקן, באלעבאָסטינקע, איך זע, אז דאָ וווינען אָרנטלעכע מענטשן.

די סאָלדאטן האָבן זיך זייער שיין פארוויגט און זיינען אוועק.

אזוי איז פענדי געבליבנ לעבנ. לויזע האָט אימ אָפגעראטעוועט. א געוואגט מיידל אָט די לויזע! אינ א קורצער צײַט ארום האָבנ זיי איניינעמ פארלאָזנ פאריז. אונ איצט זײַנענ זיי ביידע אינ דער שווייצ,— האָט מאלאָנ געענדיקט.

מיט גרויס גערירטקײַט האָט קראָפאָטקינ אויסגעהערט מאלאָנס פאָשעטנ דערציילנ. די רויִקע מוטיקײַט פונ די פאריזער קאָמו־נארנ האָט אימ זייער איבעראשט.

— אָט בא וועמענ מ'דארפ זיכ לערנענ,— האָט ער געקלערט צו זיכ אליינ.— די־אָ מענטשנ האָבנ דאָכ איבערגעלעבט די סאמע אומדערבארעמדיקסטע מאפאָלע. די פאריזער קאָמונע איז אכזאָ־ריִעסדיק צעשמעטערט געוואָרנ, אָבער די קאָמונארנ האָבנ ניט פארלאָרנ זייער מוט. זיי האָבנ ניט פארלאָרנ דעמ גלויבנ אינעמ ענדגילטיקנ זיג פונ דער רעוואָליוציע. זיי קוקנ רויִק אפ דער צוקונפט...

